Dick, Isaac Meir.
Der farmaskirter frant :
... lust shpil.
Vilna,[1887].

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2004- 1889.12

**Dick, Isaac Meir, 1814-1893.**
Der farmaskirter frant : ... lust shpil / bearbayt nokh Shiller mees A.M.D.
Vilna : [Rom], 647 [1887]
Varying form of title: Zamaskirovannyi frant.
104 p. ; 23 cm.

1. Yiddish drama.--lcsh
I. Schiller, Friedrich, 1759-1805. Parasit. Yiddish. II. Lithuania-Vilnius

ID : NXYH01-B6750 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /5247

Reduction ratio X 10.0

## דער

# פארמאסקירטער פראנט

דאס הייסט אזוי איין פראנט וואס וואר אים ארונטער געריסען די ערליכע מאסקע זיינע (דיא צבויאטצווע) נאך בעפאר ער האט אויס געשפילט זיינע גרויסע ראלע דיא פאלשע וואס ער האט געוואלט אויס פירין, אונ עס קומט דא פאר אלס איין טהעאטער, אדער לוסט שפיל.

בעארבייט נאך שיללער

מאת

**אמ״ד**





# ווילנא

שנת תרמ״ז לפ״ק

ЗАМАСКИРОВАННЫЙ ФРАНТЪ
Драма А. М. Дика.
1887.






# דיא פערזאנען.

ר׳ יעקב נארבאנע, איין באנקייא אין פאריז.

מאדאמע פלארע (בלומע) זיינע מוטער.

אגנעס, (גנעסע) זיינע טאכטער (איינע מאדאמאזעל נאך).

| | |
|---|---|
| זימאן, (שמעון) טריפלער.<br>שאלאמאן, (זלמן) צעדער.<br>מיכאל, (מיכאל) טראנזע. | אלע דרייא מיט ארבייטער אין זיין בירא. |

יאזעף, איין פארוציק אין פאחאטע (איין זון פון דעם מיכאל טראנזע).

יזראעל, (ישראל) איין קאמער דינער פון דעם באנקייא.

רובינע, (ראובן) איין יונגער אקען שטייער פון טולאן. דאס הייסט (איין לאסט טרעגער) איין פעטער פון דעם זימאן טריפלער.

דיא שצענע איז אין פאריז אין דעם פארצימער פון דעם ר׳ יעקב נארבאנע.

Дозволено цензурою. — 30 Октября 1886 г. Вильна.

---

ВИЛЬНА.
Типографія Вдовы и братьевъ Роммъ.
Жмудскій переулокъ домъ № 325/2631.



# ערשטער אויפצוג (אקט).

## ערשטער אויפטריט.

מיכאל טראנזע אונ זיין זון יאזעף, געקליידעט אלס אפעציר פון פאהאטע.

יאזעף (צוא דעם פאטער) נוא ליבער פאטער נון בין איך גליקליך צוא געפינען איהר ווידער.

מיכאל טראנזע (צוא דעם זון) וועמען?

יאזעף איך מיין דיא אגנעס וואס איך האב איהר געזוכט צייט איך בין אין פאריז אויף אלע פובליצנע פלעצער גיוועזן, אונ איך האב איהר ניט גיקענט געפינען, אונ גראדע הייטע ביא מיינעם ערשטין קומען צוא דיר אין קאנטאר האב איך איהר באגעגינט.

מיכאל טראנזע, אונ וואו האסטו איהר פריער גיזעהען?

יאזעף, אלס איך וואר אין קאלמאר דארטין ביא איהר מומען וואו איך האב דאן געקוואטירט דארט האב איך געהאט דיא געלעגענהייט צוא זעהען זיך אונ אונטער האלטען זיך מיט איר, אונ צו גלייך צוא פאר ליבין זיך אין איר.

מיכאל טראנזע, ווייסטו אבער ווער זיא איז?

יאזעף, פערגעווים, זיא איז דיא טאכטער פון דיין פרינציפאל.

מיכאל, אלזא מיין קינד איז מיר איין גרויס וואונדער אויף דיר האס דוא בינסט וויא דיא ווארהייט צוא זאגען איין מאן מיט איינעם געזונטען מענטשין פערשטאנד זאלסטו זיך אזו וייט פאר רעכענען, אונ צו ליבין אזו איין מיידכען וואס זיא איז איינע טאכטער פון איינעם מיליאנער, וואס איז אין בעגריף צוא געבין איהר איינינע מיליאנען נדן, אונ האט. אוים זיכטען צו טאן מיט איר פאר געווים איינען מיליאנאווען שידוך, אונ דער צוא נאך פון גרויסען שטאנד, אונ דוא בינסט דאך איין ארעמער פעהאטנער פארוציק, אונ דער צו נאך איין זון פון זיינעם איין שלוזיטיל. פאר אזו דום האב איך דיר ניט געהאלטען.





יאזעף, ליבער פאטער, מעכטע נאט דיין לעבען פאר לייגערין, דו בינסט שוין ניט מער יונג, אונ ליבען איז שוין ניט מעהר דיינע זאכע, אונ פיליכט האסטו דוא נאך זעלבסט אין דיינער יוגענד אויך ניט געליבט. דען ניט אלע האבין איינע געלעגענהייט דער צוא, וייל צו ליבען מוז מען דאך אזו איין מיידכען האבין וואס זאל ווירדיג זיין געליבט צוא ווערין, אונ דאס גלייכען וואס זאל פאר שטיין צו ליבען, אונ אזעלכע מיידכען זיינען ניט גאנץ פיל, אונ ווען מאן איין מאהל דאס גליק האט אדער דאס אום גליק האט (נענע עס וויא דוא ווילסט) צוא ליבין אונ געליבט צוא ווערין, וויא דער פאל איז איצונד ביא מיר, דען איך וויים דאס דיא מיידכען איז מיר זייער גוט, אונ דאס זיא האט אויגין נור פאר מיר, דאן וואלסטו ניט געשטערט מיט דיינעם דער ביא זיין ביא אונזער דער זעהען זיך מיט איינאנדער דא אין קאנטאר, עס וואלט מיר שוין פאר געווים איין ליבליכער האנדדריק, אונ איין געשווינטער קוס פון איר צו מיר צו געטהיילט געווארדען, דאן נעמט מען קיינע אוואזעניע אויף דעם יחוס אונ פארמעגין, דען עס איז גינוג פלאץ אין דיא קלענסטע שטיבעלע זעלבסט פאר דאס רייכסטע געליבטעם פאר.

מיכאל, א מיין קינד עס איז איין ווארהעם אום גליק צו ליבען, אונ אום גליקליך איז מען ווען מען נאך איין פאעט (משורר) דער צוא איזט וויא דוא ביזט, אונ איך זאג עס דיר מיין זון אוים ערפאהרונג, דען איך האב אויך אין מיינעם יוגענד געליבט, אונ האב דער פאר העכסט טייער בעצאלט, אונ איך ליד דער פון נאך איצונד, דען איך האב דורך דעם פאר לארין מיינע בעסטע יארען, פאר זאמט די בעסטע צייט, אום צו פאר זארגין זיך איין זיכערע פרנסה, אונ האב צוא גלייך דער ביא מיין פארמעגין אויך פאר לארין, נור אם ווייניגסטין וואר מיר נאך עטוואס צו ענטשולדיגן, דען איך האב געליבט מיט איינע בערעכינדע האפענונג, דען דיא געליבטע וואר מיינעם גלייכין, דיינע ליבע אבער איז איינע הוילע משוגעת וואס איר ביידע וועט אייך באלד אוים ניכטערין דער פון, אונ צווייטינס מיין קינד דו ביזט נאך ניט געניט אין איין ווייבעם הערץ, דיא פרויען אבמאגעווען, זייא ליבען דיא שמייכלעריא, ווינצען דאס אלע זאלין זייא פאר געטערין, אונ זייא האנדלען דיזעם איין פאר אגאנץ בילינען פרייז, פאר איינעם פריינדליכען קאמפליינען, אדער פאר איין זיסעםווארט, פאר איין גוט מוטהיגעם גילעכטער, אונ דער צו נאך

זייער אפט טרעפט עס נור אום צוא האבין יענעם צום בעסטין (דאס הייסט אום נור צוא שפאסין פון יענעם), ביא זייער וויסען דאס עס זיינען דא אונטער דיא מעגער זייער פיל וואס לאזין זיך פירען אם דעם נארען זייל (שטריקיל), און האבין אלזא געגוג שטאף וויא צוא מאכין זיך לוסטיג, דיזעם אלעם מיין קינד האב איך זעלבסט ערפאהרען מיט איינעם גרויסען ציים פערלוסט און אזו אויך מיט איינעם גרויסען געלט שאדען, און וויא דיא חארהייט צו זאגען וואקסט מיין שלעכטער שטאנד נור דער פון, און לאז דיך פריהער בעצייטין לערנען פון דיינעם פאטער.

יאזעף, (העכסט פאר דריסליך) א ניין ליבער פאטר אייער שלעכטר שטאנד וואקסט ניט פון אייער יוגענד זינדע, אדער פון איינער בעטראגענע ליבע, ניין אייער ארמוהט און אייער נידעריגער שטאנד וואקסט גאר אוים איינע אנדערע אורזאך. עס איז נור דארום וייל איר זייט איין העכסט נאכלאסיגער מענטש, העטע איין אנדערער געהאט אייערע פייהיגקייט, האט ער שוין לאנג געקענט זעלבסט באנקייא זיין, ניט פאר געסט דאס איר זייט איין מאן מיט איינער פיל זייטיגער פעדער, איין גרויסער בוכהאלטער, איין מאן פון גרויסען חאראקטער, אזו איין אנדערער וואלט שוין איין וועלט פאר קערט, און וואלט שוין לאנג ניט גיוועון קיין שלוזאסצע ביא איינעם אנדערין, אינ דאן וואלט שוין אייער זון זיך גאנץ דרייסט זיך וואגען צוא שדכענען זיך צוא דעם נארבנעם אטאכטער ביא זיינעם וויסען דאס ער האט אויך פון קליינע געשעפטין אן געהויבין, און איז געווארין איין מיליאנער.

מיכאל, ניין מיין קינד דוא אירכט זיך, איך קען און וויים מיין ווערט, און דאך ביא מיינעם בעסטין ווילען צוא פאר בעסערין מיין שטאנד, איז מיר גאנץ אום מעגליך אויף איינעם ערליכען וועג, אום צוא ווערין פון ארעם רייך, זיינען דיא בעסטע טאלענטע ניט גענוג. מען מוז דער ביא זיין העכסט חיטרא העכסט איינגענוציג. אקאפעצעקע צו הינקען אויף דעם געווימען, און נאך מער מוז מען זיין איין גרויסער ריזיקאנט, איין שטעלין אין קאן דעם נאמען. מען מוז דער צו נאך בעניצען איינע גרויסע עזות אום צו קענען מעיז זיין זיינע בעלי חובות ביא איינעם גרויסען אנזעצן (אונד בעהיטע אונז גאט) דאס מען איזט נאך דאן אוים געזעצט (אז מען האלט דער ביא) ניט ביא צו שטיין ביא דעם נסיון צו פאר חאפין פרעמדע קאפיטאלין, און בויען זיין גליק אויף דעם אנדערינס אום גליק, וויא היינט לידער דיא מאדע איז, לאז מיך מיין קינד רוהיג





ארונטער שלינגען מיינע איינענע שמאלע ביסענס איידער צוא ווערנין זיך מיט פרעמדע ברייטע ביסען, און דאס גלייכען וויים איך נאך ניט דאס גליק מיין קינד צו הייראטען מיט די מיליאנאווע אגנעם, איך ווערדע דיר ניט איין ווענדען מיין קינד דאס איינע רייכע כלה איזט איינע העכסט גילטיגע מטבע אין דער וועלט, דאך אבער נור פאר איינעם רייכין חתן אבער ניט פאר איינעם ארעמען. דען ער וועט אזו איינער אין זיינעם רייכען ברויט קיינע רייכע געליבטע, קיינע רייכע פרויא, קיינע רייכע ווייב בעקומען, נור איינע רייכע בעהערשערין, איינע טיראנין, באלד נאך די ערשטע פליטער וואכען וועט זיא אים שוין לאזין פילען דאס ער איז איהר איין אונטערטאהן וואס עסט ביא איהר טיש נור געגאדען ברויט, ער מוז פאלגען אלע איהרע שגעונות, קוקין אויף איהר נאז וויא דער שיפס קאפיטיין אויף דער ווינדעס ראזע אדער קאמפאס *) אום צוא זעהען פון וועלכער זייטע וויהעט דער שטורעם אום געהעריג דעם זאגעל אוים צוא שפאנען. אלזא מיין קינד איין גאנץ שלעכטער געשעפט צו שפילען אויף איין מאל צוויא גאנץ גענען זעטצע (פאר קעהרטע ראלען), העער און דינער, בעפעהלין און געהארכין, ביא איינער און דיא זעלבע פערזאן, און זיין אויף איין מאל בעל הבית און פלעט ביא איינעם און דער זעלבין טיש **), דען דיא פרויען זיינען שוין אזו איין מאל געשאפען, פיזים און מאראלים ***) נור צום עכפאנגען פון דעם מאן, אבער ניט צו געבין, און פשיטה שוין ניט איינענע צוא פאר שווענדין, זייא זיינען פון הויט און

קנאבען

*) דאס איז דיא ציפער בלאט פון יעדען קאמפאס וואס איז ניצייכינט אדער געציפערט אויף איהם דיא צווייא אונד דרייסיג ווינדעס געגענד, למשל מזרחית צפונית, צפונית מערבית, מערבית דרומית, אונד אזוי ווייטער.

**) אונד אזוא זיינען עס אלע אונזערע לומדישע בעלי בתים וואס זייא זיצין אונד לערנען, אונד זייערע ווייבער זיינען זייא מפרנס, וואס ווערין פון זייא בעהאנדילט פיל שלימער אלס איין פרעמדער ארעמער למדן. דען דער מאן בעקומט אלס דעסערט (פערבייסען) איין פרידיגט פון אונטערען פארהאנג אויך.

***) פיזים ווערט אן גירופען וואס נאר נאטירליכעם איזט דאס הייסט אלעם וואס איז דורך כוחות הטבע וואס גאט האט מיסד גיוועון פיר אימער, אונד וואס מיר מענשען קענען זייא גיט אום ענדערין מיט אונזער איינגענעם ווילען, אונד האבען גיט צוא שאפען אום מינדעסטען איבער זייא, אזוא צום ביא שפיל ווערין מיר געבארען, און שטארבען. אן אונזער איינינע ערלויבנים, אונד וואקסען אן אונזער ערלויבינים א נ אזוא הייסען אלע נאטירליכע

קנאכען ריכטיגע כלי קודש *) (מקבלים נור). אונ וואס עס איז נוגע צום יחוס, זאלסט דוא מיין קינד וויסען איינעם היילינגען ווארט פון דעם בן סירא, ער זאגט אזוא, ווען דוא נעמסט איינע פרויא וואס איז מעהר מיוחסת אלס דוא האסטו אזו פיל הערין איבער זיך וויא פיל קרובים זיא האט.

יאזעף, איך וועל דיר פאטער אום מינדעסטין ניט איין ווענדין, דען דוא זאגסט ווירקליכע ווארהייטען וואס גרינדען זיך אויף ערפאהרונגען, וואס אזו איינעם יונגען מאן וויא איך פעלט עס, דער צו נאך מיין איך זעלבסט נאך ניט אזו ערינסט מיט דיזער אום גלייכע ליבע, איך טרוימע נור דער פון, אונ זעלטין דאס דיא טרוימע פאר ווירקליכען זיך, אונ איך אלס יונגער מאן אונ דר צו אפיצער איז מיר אזו איין טרוים אם ווייניגסטען גאנץ פערצייהליך, אונ דארף אלזא ניט אזו שטריינג צענזורירט ווערדען פון דיר ליבער פאטער, דען זעלבסט דוד המלך וואס וואר פר געווים פיל פרימער פאר מיר אונ צו גלייך אויך קליגער, האט אויך לוסט בעקומען צוא הייראטהען איינע פרינצעסין אלס ער וואר איין ארעמער קנאבע, איך מיין עס דיא טאכטער פון דעם שאול, אונ אלס זיין עלטערער ברודער האט עס איהם הארט אויס גירעט, דא האט ער איהם גיענטפערט "מה עשיתי עתה הלוא דבר הוא" דאס הייסט איך האב נור גשפראכן דאך אבער ניט וואס גיטאן וועגין דעם. ביי אלעם דעם פאטער האב איך אויך וואר געשפראכין דאס דוא ביסט איין העכסט נאכלאסיגער מענטש, אונ טוסט ווייניג פאר דיינעם איינענעם וואויל, זאל שוין זיין גענאגט דאס דיין תאראקטער ערלויבט דיר ניט צוא ווערין איין באנקייא, דוא פירכטעטעט דאס דוא זאלסט ניט באנקראט שפילען, דאך אבער האסטו דאך מיט דיינעם גרויסען טאלענט איינע גרעסערע שטעלע גיקענט בעקומען, דוא האסט

---

קראפטע וואס ציינין זיך אין אלע נשמים (קערפער). אבער מאראלישע הייסען שוין אזעלכע פעולות (ווירקונגען) וואס נישעהען שוין דורך אונזערעם איינענעם ווילען אונד פארשטאנד, למשל זיטען, (כאראקטער), אלזוא הייסט עס שוואנגער ווערען פיזיס, דעם צווייטין ווש געבן הייסט שוין מאראלישעם, אין דער העברייעשע שפראכע הייסט עס טבעית ומוסרית. —

*) עס איזט פיל מער אלס געווים דאס דער נאמען כלי קודש וואקסט פון איין ראש התיבות וואס עס איז ארוים גינומען פון צווייא ווערטער כלי קבולי, דאס הייסט ארב, אמגיד, אחזן, אשמש, משורר, זיינען אזעלכע מענשין וואס קענען נור מקבל זיין דאס הייסט נור נעמען, אבער גיט נעבען. —





האסט דאך גיקאנט גאנץ געווים איין פראוולאיוסצע פון איין גרויסין אבצעסטוויגעם באנק ווערין מיט איינעם געהאלט פון צוואנציג טויזענד פראנק יאהרליך ווערהרינד דוא האסט דא פאר פינף טויזינד פראנק אונ דוא ביסט אלעם אונ אלעם, דען דו מוזט דאך קאנטראלירען אלע זייערע ארבייט, אונ פאר וואורפין מיט ארבייט טאג אונ נאכט.

מיכאל, א מיין קינד עס איז צוואר ריכטיג דאס איך בין בעפעהיגט צוא בעציהען איינע גרעסערע שטעלע, עס איז אבער גאנץ שווער צוא דער שלאגען זיך צוא איינע גוטע שטעלע, מען ווערט פאר דריינגט פון איהר זייער אפט צו ליב מאנכען אונוויסענדען טינטען קלעקער וואס ווערט פראטעגירט פון איינעם גרויסין הערין, גאט צו דאנק דאס איך האלטע מיך נאך אזו לאנג אויף דיזען קליינעם ארט מיינעם, אונ בפרט דאס עס זיינען אימער דא פיל וויינגער שטעלען אלס פאר טרעטער פון שטעלען, וויא מעהר נאפאליאנס אלס פראנצויזישע טראהן.

יאזעף, אין איינעם שמערצליכען ביישפיל דער פון האסט דוא ביי דיינער זייטע דעם זימאן טריפלער, דער פראוויטעל פון אייער קאנצעלאריע, וואס הערסט אונ וואלטעט איבער דיך פיהל מעהר אלס דיין פרינצעפאל זעלבסט, וואס ער איז ביי איהם בעליבט, אונ גילטיג, אונ גלענצט נור וויא צו זאגין נור אין דיינע פעדערין, דען דרייא פערטיל פון זיינע ארבייט טוסט דוא אפ אין קאנטאר.

מיכאל, דאס טוט גיסט, מיין קינד, ווען מען איין מאל צוא זאמען דינט, דא מוז מען שוין איינער דעם אנדערין אויס העלפין אין וואס מען נור קען.

יאזעף, דאך אבער אום גאטעס ווילען וואס זאלין מיר אונז נארין, דיזער זימאן פערמאגט ניט דיין איינציגען פעדער שטריך, אלזא פאסט דו פאר זיינע שטעלע פיל מעהר אלס ער, אונ וואס עס ניט זא גישעהט, ביזט דוא זעלבסט אין דעם שולדיג ווייל דוא ביסט נאכלאסיג.

מיכאל, ניין מיין קינד עס איז קיינע נאכלאסיקייט פון מיר, נור איינע ערליכקייט, איך וויל קיינען צווייטען פאר דריינגען פון זיינעם פלאץ, אונ צווייטינס ווייל איך וויל ניט גלענצען אויף גאטעס וועלט אונ וויל בעסער בלייבין אין איינער דונקעלהייט,

יאזעף, אונ איך זאג ניין, יעדער מענטש מוז זיך בעמיהען וויא נור מעגליך צוא שטייגען אונ ניט צוא בלייבין ליגען דארט וואו דער שטורעם פון דעם הוילען צופאל וואס האט איהם פאר וויהעט, אונ בפרט נאך צוא

צו דינען אונטער אזו איין בראוען פרינצעפאל וויא דיינער איז דער יעקב נארבאנע, וואס דוא קענסט שטייגען ביא איהם אן דיא מינדעסטע נידעריגע חניפה, נור דורך דיינע גרויסע טאלענטע נור, אונ דורך דיינע גרויסע תמימות (אויף ריכטיקייט).

מיכאל, דוא שפרעכסט אזוא מיין קינד נור אוים ליבע צוא דער אגנעס, וויל דוא מיינסט דאס דורך מיינעם שטייגען וועסטו איר צוא פרויא בעקומען, אונ צוא ליב דיזען דמיון דיינעם וועל איך מיין קינד מיינעם כאראקטער צוא מיינע עלטערע יארין ניט ענדערין, אונ בפרט נאך דאס עס איזט פיל גלייכער דאס איין שלוזאסצע זאל זיין צוא גרוים פאר זיינער שטעלע, אלס דיא שטעלע זאל זיין צוא גרוים פאר דעם שלוזאסצע.

## צווייטער אויף טריט.

שאלאמאן צעדער, מיכאל טראנוע, יאזעף.

דער מיכאל האט בעגעגנט גייענדיק אין קאנטאר דעם שאלאמאן גייענדיג פון דארט צוא ריק העכסט בעשטירצט.

מיכאל, הער שאלאמאן וואו היין אוים, אונ דער צוא נאך עפעס אזו פאר קימערט, וואס איזט עס מיט איהנען?

שאלאמאן, איך גייא איצונד שוין שפאצירין אויף דעם וואל, אום פרייע לופט צוא שעפען.

מיכאל, אלזא הייסט עס דאס זייא האבין שוין קיינע שטעלע מעהר אין דער בירא?

שאלאמאן, אזו איז דאס. מיינע שטעלע האט שוין איין אנדערער פאר נומען, אקארסט האב איך מיינע אבשאווקע בעקומען, מיינע פרויא ווייס נאך ניט דער פון, איך בעט אייך ריידין זייא זיך ניט אוים פאר איר דען זיא איז קראנק, זיא וועט עס פאר געווים ניט אוים האלטען.

מיכאל, גרויסער גאט, ווארום דען, אונד וויא אזו?

שאלאמאן, דאס וויים איך ניט, אונ גאט צו דאנק דאס איך האב קיינע שולד דער ביא, אונ האב מיך אין מינדעסטעם ניט אן צו קלאגין, דען איך וואר העכסט פייהיג צוא מיינעם דינסט, אונ העכסט פינקטליך אין מיינער ארבייט, געקומען פריער פאר אלע אנדערע, אונ אוועק שפעטער.





יאזעף, אלזא ווער איז דאס דער יעניגער וואס האט אייך דא גערינט דער ביינ?

שאלאמאן, קיין אנדערער ניט אלס דער זימאן טריפלער, איך וויים דאס פון איין געוויסען אונ זיכערין מענטשין, דיזער זימאן איז מיט מיר פון איין שטעטיל וויא איהר ווייסט, מיר זיינען בעפריינדעט פון אונזער קינדהייט אן, דאס ביסיל שרייבין וואס ער קאן האט ער עס נור פון מיר גילערינט, אונ נור איך האב איהם אין דיזעם קאנטאר אריין געפירט נון יעצט צום דאנק דאפיר האט ער מיך יעצט ארוים געמאכט פון היר, אונ האט מיינע שטעלע בעזעצט מיט איינעם פערוואנדעטען פון דעם נארבונעם קאמער דינער, פאר געווים האט ער דער ביא איין ווייטען אוים קוק עפעס.

מיכאל, איז שוין גאר ניט צוא ראטהען דער ביא?

שאלאמאן. דיזעם ערווארטע איך נאר פון אייך ליבער פריינד, דאך ניט אום דיא שטעלע צוא ריק צוא בעקומען, ניין דיזעס איז פאר מיר שוין פאר לארען אויף אימער, ניין איך וויל מיר מיט אייך בעראהטען נאר וויא זיך אב צוא רעכענען מיט דיזעם פלוט, איך וועל צוואר גאנץ ווייניג געהאלפען ווערען דורך דעם, דאך אבער קען איך דיזען שעלמען שטרייך ניט פאר שמערצען, איך וועל קיינע מיהע דער ביא שפארען.

מיכאל. ניכט דאך ליבער פריינד טוען זייא עס ניכט פאר געבען, אונד פאר געבען איז דיא ראכע פון איינעם בראווען מאן.

שאלאמאן, קיין ערבארעמען פאר אזוא איינעם שעלמען, איינעם פאלשען מענשען וויא ער איז צוא ענטלארפען (אראב צוא רייסען דיא פרומע מאסקע) איז איינע גרויסע טוגענד פאר דער וועלט, דען וואס נאך אין דער וועלט איז אזוא שעדליך פאר דיא מענשענהייט וויא איין צבוויאק וויא אונטער אונז גירעט, איז ער דאך העכסט אונוויסענד געווים, ער פאסט אזוא פאר זיינער שטעלע צוא זיין פראוויטעל קאנצעלאריע, וויא ער פאסט צוא זיין איין פעלד מארשאל, אונד ווען איהר וואלט איהם ניט אוים העלפען ביא זיינער ארבייט וואלט ער שוין לאנג קורין געקומען מיט זיינע ארעמע פעדער, קורין געזאגט איהר טוט פאר איהם פיל מעהר אלעם פאר זיך זעלבסט, אונד איר זייט אלזא בעשעפטיגט דעם גאנצין טאג אונד אשטיק אין דער נאכט, אונ ווער נעמט נאטיץ דער פון, אייער פרינצעפאל דער נארבונע וויים גאר דער פון ניט, אלזא האט קיין פאר איביל אויף מיר, דאס הייסט נאר פאר לארענע מיהע. אונד דער צוא

נָאךְ דֶעם טַיְיוִויל וַוייַראךְ גִיגֶעבִּין · דֶען דֶער זימאן אִיזְט אַיין הֶעכְּסְט פַאר וָוארְפֶענֶער מֶענְטְשׁ , אַיין שְׁמֵייכְלֶער פַאר שְׁטֵייט זִיךְ צוּא מַאכֶען גֶעפֶעלִיג אוּנְד בֶּעלִיבְּט , בַּייא דֶער מַאדַאם בלומע (דֶעם פְּרִינְצֶעפַּאלְס מוּטֶער) אגנעם , בַּייא דִינֶער שַׁאפְּט זֶעלְבְּסְט גְלֶעט ער דִיא קַאץ אוּנְד לַאסְצֶעט דֶעם הוּנְד , אוּנְד בֶּעלוֹיבְּט אִימֶער וָואס דֶער נארבונע זָאגְט , אוּנְד צוּ לַאכְט זִיךְ אִיבֶער יֶעדֶען וִויטְץ אָדֶער גְלַייךְ וֶוערְטִיל זַיינֶעם , אָט אַזוֹא דוּרְךְ דִיזֶעם נִידֶערִיגֶע אוּנְד פָאדְלֶע מִיטֶלֶען , הָאט זִיךְ דֶער פַאר דָארְבֶּענֶער מֶענְטְשׁ גֶעמַאכְט בֶּעלִיבְּט דָארְטֶען אִין הויז , אוּנְד אִיךְ וֶועט מִיט אַייךְ וֶוען דֶער נארבונע אַייֶער פְּרִינְצֶעפַּאל בֶּעהִיט גָאט זָאל קוּמֶען אִין דֶער אֵיינְגֶע , וֶועט ער זַיין דֶער עֶרְסְטֶער וָואס וֶועט דֶער מִיט דִיא וֶועלְט אוֹיף מַאכֶען אוּם אַיין צוּא שְׁמֵייכְלֶען זִיךְ דֶער מִיט בַּייא אֵיינֶעם אַנְדֶערֶען בַּאנְקִייא .

יאזעף , וֶוען אַזוֹא וַואר אוּנְד רִיכְטִיג אִיז וִויא אִיהְר אִיהְם שִׁילְדֶערְט , גְלוֹיבֶּע אִיךְ דָאס ער וֶועט דָארְטִין קַיין טוּהְן זַאלְץ נִיט אוֹיף עֶסִין , דֶען דֶער נארבונע אִיז אַיין וֶועלְט מַאן , ער הָאט אֵיינֶעם קְלוּגֶען בְּלִיק , הַיינְט מָארְגֶען ער וֶועט אִיהְם שׁוֹין פַאר שְׁטֵיין .

שאלאמאן , אָ דָאס פַאר שְׁטֵייט דֶער זימאן זֵייֶער גוּט , ער וֵייס אוּנְד פִירְכְטֶעט , אוּנְד אִיז דַאהֶער זֵייֶער בֶּעהִיטְזַאם אַרוֹיס צוּא מַאכֶען זִיךְ פוּן יֶעדֶער גִילֶעגֶענְהַייט וָואס עֶס קֶען זִיךְ אַרוֹיס וַוייזֶען דֶער בַּייא זַיינֶער אוּנְוִויסֶענְהַייט , דֶען וִויא אוֹיךְ זַיין קָאפּ אִיז וִויסְט אוּנְד לֶעהְר . אַזוֹא קְלוּג אִיז ער אוּים צוּ מַיידֶען יֶעדֶען צוּפַאל , וָואס מֶען זָאל דַארְפֶען גֶעבְּרוֹיכֶען צוּא אִיהְר זַיינֶע פֵייהִיגְקַייט , אוּנְד בַּייא אַלֶעם דֶעם הַאלְטֶער נָאךְ שְׁטָאלְץ בַּייא זִיךְ אוּנְד גֵייט אוּם מִיט גְרוֹיסֶע פְּרַייקַייטֶען .

מיכאל , אוּנְד אִין וָואס קֶען עֶס בֶּעשְׁטֵיין דִיזֶע גְרוֹיסֶע פְּרָאיֶעקְטֶען ? .

שאלאמאן , אוֹי אוֹי ! גְרוֹיס גֶענוּג אוּם אִיהְם הֶעכְּסְט גְלִיקְלִיךְ צוּא מַאכֶען וֶוען עֶס זָאל אִיהְם נָאר גֶעלוּנְגֶען אוּיס צוּא פִירֶען זֵייא , דֶען דֶער יעקב נארבונע הָאט בְּדֵעָה צוּא מַאכֶען אֵיינֶעם גְרוֹיס אַרְטִיגֶען בַּאנְק אִין טוּלֶען , אוּנְד בְּרוֹיכְט אַלְזָא צוּא הָאבֶען צוּא אִיהְר אֵיינֶעם וִויכְטִיגִין פְּרָאוְולַאיוּסְצֶע , פוּן אוּים גֶעפְּרוּבִּירְטֶער עֶרְלִיכְקַייט , נוּן רֶעכִינְט דִיזֶער פוּסְטְיַאק דִיזֶער זימאן טריפלער זֵייֶער פִיל אוֹיף דִיזֶער נַאיֶיע שְׁטֶעלֶע וָואס עֶס וֶועט זַיין פַאר בּוּנְדֶען מִיט אֵיינֶעם גֶעהַאלְט פוּן פֶערְצִיג טוֹיזֶנְד פְּרַאנְק , ער רֶעכִינְט אוּנְד וֶועט עֶס זֵייֶער לַייכְט אוּים פִירֶען , דֶען ער הָאט זִיךְ גִימַאכְט הֶעכְּסְט בֶּעלִיבְּט (אָדֶער בֶּעסֶער צוּא זָאגֶען זִיךְ אַיין גֶעשְׁמֵייכֶעלְט)





בַּייא דֶעם נארבונע , אוּנְד דֶער צוּא נָאךְ בַּייא דֶער מוּטֶער זַיינֶע , בַּייא דֶער בלומע (פלארע) וָואס הַאלְט זִיךְ פַאר הויךְ גֶעבִּילְדֶעט פַאר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע מֶענְטְשִׁין קֶענֶערִין , פַאר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע פֶערְפַאסֶערֶען , פַאר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע לִידֶער מַאכֶערִין , אוּנְד פַאר אֵיינֶע גְרוֹיסֶע מוּזִיק קֶענֶערִין , וָואס אַלֶעם דִיזֶעם אִיזְט גֶענוּג שְׁטָאף פַאר דִיזֶען חוֹנֵף אוּם צוּא הָאבֶען מִיט וָואס צוּא חַאנְפֶענֶען אִיר , דֶען ער צוּא רַייסְט זִיךְ לוֹיבִּינְדִיק אַלֶעם וָואס זִיא שְׁרַייבְּט , וָואס זִיא מַאכְט לִידֶער (דִיכְטֶען) אוּנְד וָואס נָאר זִיא מַאכְט נִיגוּנִים , ער רִיהְמְט עֶס הויךְ פַאר אַלֶע אִיהְרֶע פְּרַיינְדֶע אוּנ פְּרַיינְדִינֶען וָואס פַאר קֶערִין צוּא אִיהְר , אוּנ זִינְגְט אִיהְרֶע לִידֶער מִיט אִיהְרֶע מָאלָאדִיֶען וָואס זִיא הָאט גֶעמַאכְט דֶער צוּא אִין זֵייעֶרֶע הַייזֶער , אוּנְד דְרַאפֶּעט צוּא דֶער בַּייא אוֹיף אַגִיטַארֶע , אוּנְד וָואס נָאךְ אִין דֶער וֶועלְט קֶען אֵיינֶען מֶענְטְשֶׁען אוּנְד זֶעלְבְּסְט דֶעם קְלֵיינְסְטֶען מֶענְטְשֶׁען אַזוֹא זִים שְׁמֶעקִין אוּנְד חַאנְפֶענֶען וִויא אַיין לוֹיבּ אִיבֶער זַיינֶע פֶערְפַאסוּנְגֶען , אוּנְד קָאמְפַּאזִיצִיָאנֶען אוּנְד דַאהֶער אִיז קַיין וואוּנְדֶער דָאס זִיא אִיזְט אִים וִויא אֵיינֶע מוּטֶער גוּט , אוּנְד דָאס גְלַייכֶען הָאט ער זִיךְ גִימַאכְט בֶּעלִיבְּט בַּייא דֶער טָאכְטֶער זַיינֶע בַּייא דֶער אגנעם , ער מַאכְט אִיהְר דִיא קוּר אָדֶער דֶעם הָאף (דָאס הַייסְט פַאסְלוּגֶעוֶועט אִיהְר וִויא אַיין עֶהְרֶען דִינֶער אָדֶער סַאפָּא) , בֶּעוואוּנְדֶערְט אִיר שְׁטֵיין אִיר גֵיין , אִיר יֶעדֶער מִינֶע , אוּנְד וֶועלְכֶעם מֵיידְכֶען הֶערְט עֶס נִיט גֶערֶען זֶעלְבְּסְט אֵיינֶע פִירְשְׁטֶען טָאכְטֶער פַאר שְׁמֶעהֶעט נִיט דָאס לוֹיבּ פוּן אֵיינֶעם שְׁמוּצִיגִין בֶּעטְלֶער גֶעשְׁווַיינֶע , פְּשִׁיטָה פוּן אֵיינֶעם גֶעלַאנְטֶען יוּנְגֶען מַאן וָואס שְׁפִּילְט דִיא רָאלְיֶע פוּן אֵיינֶעם הויךְ גֶעבִּילְדֶעטִין מַאן , גִינוּג מַיין בֶּעסְטֶער מיכאל דֶער זימאן הָאט זִיךְ אִין זַיינֶער רֶעכֶענוּנְג נִיט פַאר רֶעכִינְט , ער אִיז מִיט דִיא נַאיֶיע פְּרָאקוּרֶער שְׁטֶעלֶע פִיל מֶעהְר אַלְס גֶעוִויס , אוּנְד דֶער צוּא נָאךְ אַלְס צוּנַאבֶּע מִיט דֶער טָאכְטֶער אוֹיךְ זִיכֶער , דֶען אִיז ער נָאר אַוֶועק פוּן דֶעם נארבונעם אוֹיגֶען , דָארְטֶען נָאךְ טוּלָאן דַאן הָאט ער שׁוֹין אַם מִינְדֶעסְטֶען נִיט צוּא פִירְכְטֶען , דָאס זַיין פְּרִינְצֶעפַּאל (נארבונע) זָאל נִיט אָן טַאפֶּען הַיינְט אָדֶער מָארְגֶען זַיינֶע אוּנְוִויסֶענְהַייט , דֶען דָארְטֶען וֶועט ער זִיךְ שׁוֹין פַאר שַׁאפֶען אֵיינֶעם גוּטֶען בּוּכְהַאלְטֶער , אֵיינֶעם גוּטֶען קָאנְטְרָאלֶער , אוּנְד אֵיינֶעם גוּטֶען קְרָאסְפָּאנְדֶענְט , וָואס וֶועלִין אַרְבֵּייטִין פַאר אִיהְם מִיט דֶער גַאל , אוּנְד ער וֶועט עֶס אָן גֶעבֶּען פַאר זַיינֶע אֵיינֶענֶע מִיהֶע , אוּנְד דַאן וִויא אִיךְ קֶען דֶעם הֶערֶען נארבונען דָאס ער אִיז אַיין הֶעכְּסְט רוּהִיגֶער כַּאראַקְטֶער , אוּנְד מֵיין נִיט צוּא גְלֶענְצֶען אִין דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט , וֶועט שׁוֹין אַלְזוֹא גֶעוִויס בַּייא דֶעם עֶרְשְׁטֶען אָן מוּטְהֶען אִיהְם אָב צוּא גֶעבֶּען

זַיינֶע טָאכְטֶער דִיזֶעם חוּנף, קֵיינֶע אַיין וֶוענְדוּנְג מַאכִין, אוּם זִיךְ צוּ לָאדִין בֶּעטִין אַיין צְווֵייטִין מָאל, עֶר וֶועט מִיט פְרֵייְדֶען דִיזֶע פַּארְטֵיי מַאכִין, אוּנ דַאן וֶוען עֶר וֶועט נַאכְהֶער מִיט דֶער צַייט זִיךְ אַרוּם זֶעהֶן דָאס דֶער זִימאַן אִיז נוּר אַיין פּוּסְצַאק אַיין בְּלוֹיזֶער חוּנף, אַיין בֶּעטְרִינֶער, וֶועט שׁוֹין זַיין צוּא שְׁפֶּעט חֲרָטָה צוּא הָאבִּין אוֹיף דִיזֶען שְׁרִיט, עֶר וֶועט אָבּ וִוישֶׁען דִיא וָואנְצֶעס אוּנ שְׁוַויינִין, וִויא דֶער אַלְטֶער שְׁפְּרִיךְ וָוארְט זָאגְט „נַאר בְּלַייבְּט נַאר אוּנ מַכָּה בְּלַייבְּט מַכָּה״.

יאזעף, וָואס הֶער אִיךְ דִיזֶער וִויצְלִינְג זָאל נָאךְ אַזוֹ וַוייט דֵיינְקֶען פוּן אֵיינֶער הֵייַראהְט מִיט דִיא שֵׁיינֶע אגנעס, דִיא אֵיינְצִיגֶע טָאכְטֶער זַיין פְּרִינְצֶעפַּאלְס.

שאלאמאן, גְלוֹיבִּין זִיא מִיר לִיבֶּער יאזעף דָאס עֶס אִיז אַזוֹ.

יאזעף, אוּנ דִיזֶעס קְרֵיינְקְט מִיר הֶעכְסְט דֶען דִיא אגנעס אִיז מַיין גֶעדַאנְקֶען בִּילְד, אָ אִיךְ לִיבֶּע אִיר וִויא מַיין לֶעבִּין, אִיךְ בִּין גְלִיקְלִיךְ וֶוען אִיךְ אִיר נָאמֶען הֶערֶע, נָאךְ גְלִיקְלִיכֶער וֶוען אִיךְ אִיר זֶעהֶע, דֶען זִיא אִיז אֵיינֶע אוֹיגֶען לוּסְט, אַיין הִימֶעלִישֶׁע בִּילְד.

שאלאמאן, אוּנ אִיר לִיבְּט זִיא? אִיז עֶס מֶעגְלִיךְ?

מיכאל, עֶר אִיז אַיין נַאר, עֶר פְּלוֹידֶערְט, הֶערִין זִייא אִים נִיט אַן.

שאלאמאן, נֵיין מַיין לִיבֶּער מיכאל זָאגְט עֶס נִיט, דִיזֶע לִיבֶּע גְרַאדֶע גִיפֶעלְט מִיר אוּנ אִיז קֵיינֶע נַארְהַייט, אוּנ דִיזֶע לִיבֶּע קוּמְט מִיר יֶעצְט וִויא גֶערוּפֶען, דֶען זִיא קֶען מִיר נוּצִין צוּא מַיין פְּרָאיֶעקְט, אָ וֶוען אַזוֹ אִיז דִיזֶער זִימאַן בַּייא מִיר שׁוֹין וִויא אוֹיס גֶעהַאט, פוּן זַיינֶער נַאיֶיע גֶעהָאפְטֶע שְׁטֶעלֶע זָאל אִים דֶער פָאטֶער (מיכאל) פַאר דְרֵיינְגֶען, אוּנ פוּן זַיינֶער לִיבֶּע זָאל אִיהְם דֶער זוּן (יאזעף) פַאר יָאגֶען, דֶען עֶס וֶועט נִיט לַאנְג דוֹיעֶרִין דָאס אִיהְר מיכאל וֶועט וֶוערִין פְּרַאוּוֹלַאיוּסְצֶע, אוּנ אִיהְר יאזעף וֶועט שׁוֹין הֵייַראטְהֶען דִיא אגנעס, אוּנ נִיט אַנְדֶערְס.

מיכאל, לִיבֶּער שאלאמאן בֶּעפָאר זִייא פַאר זָארְגֶען שְׁטֶעלִין פַאר אַנְדֶערֶע פַאר הִיטֶען זִייא דֶער וַוייְלֶע אַייֶער אֵייגֶענֶע, דֶען עֶס אִיז פִּיל לַייכְטֶער צוּא שַׁאדֶען אַלֶעס גוּטֶעס צוּא טָאן;

שאלאמאן, מַיינֶע שְׁטֶעלֶע אִיז שׁוֹין פִּיר אִימֶער פַאר לָארִין, אַלְזָא בְּלַייבְּט מִיר אִיבֶּערִיג נוּר אַייךְ בֵּייְדֶען גוּטֶעס צוּא טָאן דוּרְךְ דֶעם שָׁאדֶען וָואס אִיךְ וֶועל דִיזֶען מִיסְטְלִינְג טָאן.

יאזעף, אִיהְר מַיין פְרֵיינְד רֶעט עֶס נוּר אוֹיס צָארִין, דֶען וִויא אִיךְ זֶעה אַיין זַייט אִיהְר נִיט אַמְשְׁטַאנְד דָאס מִינְדֶעסְטֶע דֶער פוּן אוֹיס





צוּא פִירֶען, דֶען וָואס קֶענְט אִיהְר אָרֶעמֶער מֶענְטְשׁ טָאהְן.

שאלאמאן, אָ אִיךְ קֶען פִילֶעס טָאן. אִיךְ וֶועל אַרַיין גֵיין צוּא דֶעם נארבונא אוּנ וֶועל אִיהְם גְרַאדֶע קְלָאר מַאכִין וָואס פַאר אֵיינֶער דֶער זימאן טריפלער אִיז, אוּנ וִויא עֶר בֶּעטְרִיגְט אִיהְם, אִיךְ וֶועל אִים דִיא אוֹיגֶען עֶפֶענֶען דָאס עֶר זָאל זֶעהֶען דֶעם פּוּסְצַאק אִין זַיינֶער וִוירְקְלִיכֶען גֶעשְׁטַאלְט, אָ עֶר וֶועט אִיהְם גֶעווִיס פוּרְט יָאגֶען.

יאזעף, גוּט גֶעזָאגְט זִייא וֶועלִין אוֹיס פִירִין, דָאס דִיזֶער קַאנַאלְיֶע זָאל זַיינֶע שְׁטֶעלֶע פַאר לִירִין, וָואס וֶועט אָבֶּער דוּרְךְ דֶעם גֶעטָאן וֶוערִין פַאר מַיינֶע לִיבֶּע, אוּנ נָאךְ מֶעהְר פִיר מַיין פָאטֶער, אַלְזָא הֵייסְט עֶס נוּר פִיל פַאר שְׁפְּרָאכִין אוּנ וֵוייניג גֶעטָאן.

מיכאל, אוּנְד בַּייא אִיהְרֶעם בֶּעסְטִין וִוילֶען מִיר דִיא גְרוֹיסֶע שְׁטֶעלֶע צוּא פַאר שַׁאפֶען, אוּנ זֶעלְבְּסְט בַּייא אִיהְרֶעם גְלִיקֶען, עֶס אוֹיס צוּ פִירֶען וֶועלִין זִייא מִיר דֶער מִיט גָאר קֵיין טוֹבָה טָאן, דֶען אִיךְ קֶען אַזוֹ אֵיינֶע שְׁטֶעלֶע גָאר נִיט אָן נֶעמֶען, וַוייל אִיךְ בִּין פוּן נַאטוּר אַיין שְׁטִילֶער גֶענוּגְזַאמֶער מֶענְטְשׁ (דָאס הֵייסְט אַזוֹא אַיין מֶענְטְשׁ וָואס לָאזְט זִיךְ בֶּענוּגֶענֶען מִיט וֵוייניגֶעס).

שאלאמאן, אִיר מֶעגְט בֵּיידֶע יוֹא וֶועלִין אָדֶער נִיט וֶועלִין, אִיךְ וֶועל טָאן דָאס מַיינִיגֶע פַאר אַייךְ, דֶען אוּם צוּא צַייגֶען דֶעם צְוֵוייטֶען אֵיינֶע גֶעפֶעלִיגְקַייט דַארְף מֶען קֵיינֶע עֶרְלוֹיבְּנִיס בַּייא אִיהְם נֶעמֶען דֶער צוּא. אָבּ (דָאס הֵייסְט עֶר אִיז אַוֶועק).

## דְרִיטֶער אוֹיף טְרִיט.

דֶער הֶער יעקב נארבונא אוּנ זַיינֶע מוּטֶער בלומע.

בלומע, אִיךְ בִּין מַיין זוּן גַאנְץ אוּם רוּהִיג דָאס דֶער זימאן טריפלער וַואר נָאךְ נִיט הַיינְט בַּייא אוּנְז, עֶר אִיז גֶעסְטֶערִין אַוֶועק פוּן מִיר מִיט אֵיינֶעם בּוֹיךְ גְרֶעמֶען, וִויא דִיא וַוארְהַייט צוּא זָאגֶען דִיזֶער יוּנְגֶער מֶענְטְשׁ אִיז מִיר לִיבּ אוּנ טַייעֶר וָואס אַיין טָאג וַוייטֶער דֶער וִוייסֶע אִיךְ אִין אִיהְם אַלִין מֶער קֶענְטֶענִישֶׁע אוּנ בֶּעסֶערֶע זִיטֶען.

נארבונע, אוּנְד נִיט וַוייטִיגֶער אַלְס אִיךְ לִיבֶּע מוּטֶער גֶעפֶעלְט עֶר מִיר אוֹיךְ, אוּנ אִיז מִיר אַזוֹ בַּייא מַיינֶער אִיצְטִיגֶער לַאגֶע וָואס אִיךְ בִּין אַזוֹ אִיבֶּער הוֹיבְּט מִיט גִישֶׁעפְטִין, דָאס אִיךְ הָאבּ קֵיינֶע צַייט צוּא נֶעמֶען אַסְפֶר אָדֶער אַכּוּךְ אִין הַאנְט, אִיז עֶר מִיר אִיצוּנְד וִויא גֶערוּפֶען, דֶען

דיזער יונגער מאן איז איין לעבענדיגער ביבליאטעק אונ איך פראפעטירע פון מיינעם אונטערהאלטען מיך מיט איהם ביא דער קאוועע שטונדע, פיל מער אלס פון דעם לעזין אונ לערנען, מאנכע שטונדען נאך דרדייהע דען ער איז איין העכסט בעלעזענער מענטש אונ פול אין אלע ספרים.

בלומע, פאר געווים דיזער טריפלער פאר שטייט אלעס, דען אויסער זיינע גרויסע בעלעזינהייט איז ער מוזיקאליש. צייכינט זייער שיין (ער מאלט). מאכט זייער שיינע פערזין, אונ עס איז איינע גרויסע פריידע אונטער צו האלטין זיך מיט איהם, אונ לויב גאט דאס איך פאר שטייא צוא געניסען דיזען פאר געניגען.

נארבונע, אונ וואס זאגט מיינע אגנעס פון איהם?

בלומע, עס איז צוואר נאך ביז דיא דאטע ניט גיקומען צו רייד מיט איהר וועגין אים, דאך אבער אירע אויגין שפרעכין פיל מעהר זוטעס פון איהם אלס איר צונגע, דען איך האבע אן געמערקט אן איהר דאס באלד וויא ער קומט אריין אין שטוב ווערט זיא גאנץ פריילך אונ גאנץ בעלעבט, ער איז איהר אימער איין וואילקאמענער גאסט, פערפלוידערט מיט איהם מאנכעס שטונדע זייער פאר טרויט, אונ ביא אלעם דעם וואס דיזער געפעלט מיר מעהר פאר אלץ ווייל ער טרעט ניט ארוים פון זיינעם גרענעץ, דאס הייסט ער בעהאנדילט איר אימער וויא איין אונטערטאן זיינעם הערין מיט גרוים רעספעקט, ער ערלויבט זיך ניט צוא ריידין איין צוא פרייען ווארט, אונ איז בערייט צו בעדינגען איהר מיט וואס נור מעגליך איז וויא איין דינער זיינע דאמע, ווען אויך עס איז איהם אן צוא זעהען זייער דייטליך דאס ער איז פערליבט אין איר איבער דיא אויערין.

נארבונע, ווען אזו ווירקליך איז דאס ער געפעלט אונזר טאכטער אונ זיא איהם, שיינט עס מיר קיינע שלעכטע פארטייא צוא זיין פאר אונזער טאכטער, דען איך בין איין גאנץ איינפאכער מענטש וואס קוקט ניט אוים אויף יחוס, אדער אויף פערמעגין, איך זעלבסט בין ניט פון גרויסין שטאנד, איך וואר איין קינד פון געמיינע עלטערין, נון בין איך יעצט שוין איינער דער פארנעהמער אין פאריז, אלזא קען אזו איינער וויא ער וואס האט מעהר בילדונג אונ וויסענשאפט אלס איך, קען מיט זיינעם אידעלען חאראקטער אונ מיט זיינעם קלוגין בענעהמען פיל העכער שטייגען אלס איך, אונ איך בין שוין מעהר אלס צווייא מאנאטין אין בעגריף אן צוא טרויען איהם דיא פריקאסטווא אין דעם





נייעם באנק, וואו איך וועל אומגעזאמט עפענען אין טולען, נון וויל איך איהם נור צוא איינער פראבע שטעלין צוא איז ער ווירקליך פייהיג צוא אזו איינער שטעלע, דאן טרויע איך אים אן דיא שטעלע צוא זאמען מיט אונזער טאכטער.

בלומע, אין דיזעם מיינונג וואר איך אויך שוין לאנג, איך האב אבער ביז הער געשוויגען נור אוים פורכט דאס פילייכט וועל איך דיך מיט דיזעם פארשלאג בעליידיגען, ווייל אונטער אונז אידין איז מען נאך ניט געוואוינט צוא טאן איין שידוך מיט איינעם סלוזאסצע.

## פערטער אויף טריט.

### דיא פאריגע אונ דיא אגנעס.

אגנעס, גוטען מארגין ליבער פאטער וויא האבין זייא געשלאפין?

נארבונע, אונ דוא מיינע טאכטער וויא גיפעלט דיר דאס לעבין אין דער גרויסער שטאט פאריז, וואס דוא האסט אלע דיינע ביז הערינגע יאהרין פאר לעבט אויף אונזער לאנד גוט, אונ אם לעצטין איינינגע מאנאטין אין דאס פראווינץ קאלמאר ביא דער טאנטע?

אגנעס, איך בעפינדע מיך דא אין פאריז אין דער מוטער שטאט פון אלע מאדען איינזאמער (פיל מעהר) אלס אין אונזער לאנד גוט, אונ אלס אין דער פראווינץ שטעדכען קאלמאר, דען דארטין אם ווייניגסטען האב איך שוין געהאט מיינעם קליינעם קרייז דאס הייסט מיינע קליינע געזעלענשאפט אונטער וועלכע איך האב מאנכע ליידיגע שטונדע גוט צו געבראכט, אונ איבער הויבט דארטין אין קאלמאר אין דער געזעלשאפט פון איינעם יונגען אפיציר יאזעף טראנזע, דיזער יונגער מאן וואס וואר איין הויז פריינד פון מיינר טאנטע ווייל ער וואר צייט זיין רעגעמענט וואר פאר זעצט אין קאלמאר, וואר ער איין געקוואטירט אין איהרעם הויף, עס וואר איינע פריידע צוא אונטער האלטין זיך מיט איהם. דען ער איז זייער היפש, אונ הויך געבילדעט, שפריכט איינע שפראכע וויא צום דרוקען, אונ איז אין גרויסע אכטונג ביא זיינע נאציילסטווא, נון איז מיר איין וואונדער דאס איצונד וויא איך בין שוין צום וויסען בעקומען, דאס ער איז היר אין פאריז אונ איז איין זון פון דעם מיכאל טראנזע וואס איז איין געהילפע אין אייער קאנטאר, אונ ווייס אלזו דאס איך בין היא, איז מיר שוין איין גרויסער וואונדער דאס ער בעזוכט מיך ניט. שוין

זאל ער מיר פאר געסין האבין? ניין איך גלויבע עס ניט, דען ער איז דאך ניט פלאטער האפט, איך ווייס דאס ער וואר מיר זייער גוט, אונ האט אימער ווארט געהאלטין מיר צוא קומען פינקטליך אויף ווען ער האט מיר פאר שפראכין צוא קומען, אונ ער האט פיל געהאלטין פון מיר דאס ער האט מיין נאמען אין זיינעס אלבום פאר צייכינט, פאר געווים מוז ער זיין קראנק, נון טוט מיר לייד אויף דיזען גוטען יונגע.

בלומע (דיא גרוים מוטער), עס איז מיין קינד, ער איז איין בראווער יונגע, עס איז דא מיט וועמען צוא ריידין, אונ אויך וועמען אן צוא זעהען, אונ ער וועט זיין אמאל איין היבשער מאן, ער איז ביי מיר אויך פון גרויסער אכטונג. איך צייל עם אים דעם צווייטין פון זימאן טריפלער, איך בין אויך גערין צוא זעהען איהם ביי אונז, איך וועל זאגין זיין פאטער דאס ער זאל איהם שיקען צוא אונז, אונ ער וועט קומען אהער;

נארבונע, אונ ווארום זעהט מען ניט היר שוין מעהר אלס צווייא טעג דעם זימאן טריפלער?

בלומע, (שטיל) אט קומט ער שוין, (נארבונע איז אוועק.

פינפטער אויף טריט.

זימאן טריפלער, בלומע, אגנעס.

בלומע, ברוך הבא הער זימאן טריפלער, מיין זון נארבונע האט שוין זיינע אויגען אוים געקוקט אויף אייך, עבינט איז ער אוועק, דען ער וואר אויף דער בערזע איצונד, אונ אזו איך בין גראדע יעצט העכסט בעשעפטיגט, דען היינט וועט ביי אונז איין אווינד זיין פאר אונזערע קרובים אונ פריינדע, אלזא ציילין מיר אייך אויך אונטער זייא, אלזא ביטע איך אייך דאס איר זאלט ניט אויסען בלייבין.

זימאן, ווען איך וועל נור צייט האבין, דאס הייסט ווען מיינע געשעפטין וועלין מיך ערלויבין.

בלומע, ניין מיין בעסטער אלץ האט זיין צייט, קומען זייא ניט בלייבט דער אווינד וויא אוים געשטארבין, דען ווער נאך קען איינע געזעלשאפט בעלעבין אלס איהר, אונ דיא אגנעס וועט עס העכסט איבעל נעמען.





אגנעס, איך? נון געווים אזו, וויל איהרע פריינדע אונ דעם פאטערס פריינדע זיינען מיר אויך ליב.

בלומע, נון מיין קינד ציהע דיך אן אונ פוין דיך אוים שוין דען שפעטער וועט שוין קיין צייט זיין.

זימאן, וואצו דער אוים פוצען זיך? דיא נאטור זעלבסט האט איהר שוין גענוג אוים געפוצט, צוא וואס נאך דער ביי.

בלומע, עס איז ניט אוים צוא האלטין פון אייך, ביי אייער יעדען מונד עפענען פאלט איינע פעריל ארוים, אלזא ווער קען זייא אלע אויף קלייבין דאס הייסט געדיינקען, (בלומע, אגנעס, גייען אב).

זעקסטער אויף טריט.

זימאן טריפלער, איזראעל קאמער דינער.

איזראעל, (צוא זיך אליין) ענדליך זיינען זייא דאך פארט אוועק גיגאנגען, נון קען איך שוין מיט איהם ריידין (צוא דעם זימאן טריפלער) גוטין מארגין מיין הער (פאר בייגינדיק זיך טיף פאר איהם) נון בין איך שוין מיט אייך אליין אונ איך האב שוין איין גילעגענהייט צוא ריידין מיט אייך.

זימאן, וואס ווילין דיא מענטשין פון מיר האבין, מען פאר פאלגט מיך (מען לויפט מיר נאך) ביז אהער, האט מען וואס צוא ריידין מיט מיר, האב איך דאך איין הויז, איינע קווארטיר, היר איז קיין ארט, פאר געווים איינע בעטלעריא, אדער איינע פראטעקציע (ריידין עפעס מיט מיינעם הערין וועגין אייך) איך קען עס ניט, אונ וויל עס ניט, לאזט מען זיך איין מאל צוא וואס צוא טאן פאר דעם אנדערין ווערט מען שוין בעפאלין פון טויזענדע בעטלער וויא פון מוקען דאס עס איז זיך ניט אב צוא בראנגען פון זייא.

איזראעל, אויף אזו איינע שלעכטע אויף נאהמע האב איך זיך גאר ניט גירעכט.

זימאן, נון וואס פאר לאנגען זייא?

איזראעל, איך בין ניט צוא בעטין געקומען, נור צוא דאנקען אייך דאס איר האט מיין פלימעניק איינע גוטע שטעלע פאר שאפט.

זימאן, וואס? וויא?

איזראעל, איך בין ערסט געבעטין היר אין הויזע געקומען, דען

ביז הער האט מיך מיין הער גילאזט זיין אין זיינעם גוט, אלס איך האב וועגין דעם געשריבין צוא אייך, האב איך אייך ניט גיקענט פערזיינליך, אונ האב אלזא דיא עהרע איצונד צוא זעהען אייך דאס ערשטע מאל.

זימאן, אלזא זייט איהר דאס דער קאמער דינער פון מיינעם פרינצעפאל?

איזראעל, אזו איזט עס, אונ איך שטייא איהנען צוא דינען.

זימאן, מיין גאט! וואס פאר איין אירטהום, זייא זיינען עס מאסיי ישראל דער לייב דינער אונ צו גלייך פאר טרויטער פון דעם נארבונע? ווארהאפטיק איך שעם מיך דאס איך בין זייא אזו הארט אן גיקומען, אונ איך ביטע אייך אום פערצייהונג, איך האב אייך געהאלטין נור פאר איינעם געמיינעם קאמים (שלוזאסצע).

איזראעל, אונ ווען איך וואלט ווירקליך דיזעם גיוועזן?

זימאן, זייא ווייסין ניט מיין פריינד וויא מען ווערט פון דיזעם געמיינעם פאק (המון עם) בעלעסטינגט, אונ אלעמען קען מען ניט בעפרידיגען, נון טוט מיר העכסט לייד דאס איך בין זייא אזו גראב אן געקומען, עס איז אבער אייער אייגענע שולד, דאס זייא האבין זיך פאר אוים ניט גימעלדעט, דאס זיא זינד דער הער יזראעל, דער פאר טרויטער פון אונזער פרינצעפאל, נון פרייט מיך דאס איך האב וואס גוטעס גיטאן פאר אייער פלימעניק, אונ האב גוטעס געצייגט קיינעם אונדאנקבארין, ער איז שוין פאר זארגט, דען ער קען זייער פיל האפין אויף מיינער פראטעקצע (שיצונגען).

איזראעל, אבער אום גאטעס ווילען, דער הער נארבונע טאר ניט וויסען פון מיינעם בריף צוא אייך דען ער האט אונז זייער שטריינג פאר באטין פאר זיינעם אב רייזין פון זיין גוט צוא געבין וועמען איינע שריפטליכע רעקאמאנדאציע צוא אים, דען ער האט אויך זיינע שגעונות איך קען איהם זייער גוט, אונ איז ניט אימער פריינדליך.

זימאן, אלזא זייא קענען אים ווירקליך גוט?

איזראעל, אונ וויא נאך? איך קאן אייך אלזא העכסט קלאר מאכין אין איהם.

זימאן, איך גלויבע אייך, נור מיר איז עס ניט נייטיג צוא וויסען, דען דער שפריך ווארט זאגט טוא גוטעס אונ פירכטע נימאנד, אונ בייא אלעם דעם איז מיר ניט איבעריג צו וויסען דאס אונזער גוטער הער איז צייטינווייס אויך איין קאפרים, דען מען ברויכט צוא וויסען וועמען מען





דינט, אונ וויא דיא ווארהייט צוא זאגין האב איך עס אן געשפירט אז אים שוין פון לאנג אן. דען עס קומט פאר העכסט וואונדערליך דאס אזו איין רייכער הער מיט גרויסע גישעפט קענטעניסע מיט איינער פיל זייטיגע אונ געשיקטע פעדער, (דאס הייסט וואס שרייבט פאר שיידענע שפראכין) זאל בלייבין זיצין איין אלמן אין זיינע בעסטע יארין, דען ער איז קוים פערציג יאהר אלט. פערגעווים מוז ער האבין דיא ווייבער.

איזראעל, בייא אלעם דעם איז ער קיין געשוואוערענער פיינד פון דעם צווייטין געשלעכט (דאס הייסט פון פרויען וואס ווערט אן גערופין דאס צווייטע געשלעכט (מין) דען די מענער זיינען דאס ערשטע געשלעכט) אונ אויך וויא ער איז גאנץ פרום האט ער דאך פאר געוויס זיינע ליבשאפטין, עס איז אבער גאנץ געהיים אונ פאר שווייגען דאס נימאנד ווייס דער פון, דאס זעלבסט איך זיין פערטרויער לייב דינער קען אויך קיין שפור (סלאד) דער פון קומען.

זימאן, יא מען קען אנדערש ניט זאגין אונזער פרינצעפאל איז איין עהרען מאן, אונ איין בראווער מאן, אונ ער פאר דינט אלזא צו ווערין העכסט געשוינט פון זיינע לייטין אונ פון פערטרויטען, דאס זייא זאלין איהם קיינע שלעכטעס נאך ריידין, אונ ניט אוים פלוידערין מאנכעס וואס קען איהם צוא אונעהרען זיין. נון ליבער איזראעל בלייבין זייא מיין פריינד אויף ווייטער אונ ווייטער, אונ דאס גלייכין פאר בלייב איך אייער פריינד אין דער איביגקייט, דאס זייא קענען זייער פיל רעכענען אויף מיך אין דער עוויגקייט.

איזראעל, א צוא פיל געשפראכען פון אייך מיר בידע פריינדע אונטער איינאנדער, א זייא זיינען דאך ניט מיין גלייכין, איך בין דאך בלויז איין ארעמער לייב דינער, אונ זייא זיינען דאך איין פארנעמער הער אונ עס שטייט זייא נאך בעפאר גרויסע גליקען, א זייא שפאסין פון מיר.

זימאן, בעהיטע גאט איך מיין עס אין ערינסט, מיר זיינען ווירקליך דיא בעסטע פריינד אונטער איינאנדער (זייא נעמען אב שייד פון איינאנדער אונד דער אקט פאלט ארונטער).

# צווייטער אויף צוג.

## ערשטער אויף טריט.

### נארבונע אונ זימאן.

נארבונע, נון זיינען זייא ענדליך נור אליין, אלזא איז איינע גוטע געלעגענהייט פאר מיך אום צוא בעשפרעכען מיט אייך איבער איינעם וויכטיגען געגענשטאנד וואס בעלאנגט אונז ביידען, זייא זאלין וויסען הער זימאן טריפלער אז איך האב איינע גוט העכסטע מיינונג פון אייך, אונ איך האפע דאס דיזער גוטער מיינונג וועט זיך נאך פאר גרעסערין בייא מיר פאר אונזער שיידין אויס אנאנדער, נאר צו דער זאכע, אונ דאס בעט איך אייך שוין אין פאר אויס דאס איר זאלט ניט שפילין איצונד דיא ראלע פון איינעם בעשיידענעם (סקראמנעם אדער בעסער צוא זאגין וויא איינער וואס האלט פון זיך גאר ניט) מען זאגט אויף אייך דאס איר זאלט אין דער קאמערציע זייער גוט בעקאנט זיין, אונ איר פאר שטייט אויך זייער גוט אויף פראדוקטען אונ מאטעריאלען, דען זייא האבין איינע קאמערצען שולע בעזוכט, אונ דאס גלייבין פאר שטייען זיא גוט קאנטאר געשעפט, נון שעמען זייא זיך ניט אונ זאגין זייא עס מיר גאנץ אפען (בעז צערעמאניע), דען איך ברויך עס צוא וויסען.

זימאן, עס איז וואר דאס איך האב פיל גילערנט דער פון אונ געארבייט דערין, דאך פעלט מיר נאך ערפאהרונג (געניטקייט) נון הייסט עס איך האבע דיזע זאכין מעהר טהעארעטיש (וויסענשאפטליך) גילערנט אלס פראקטיקע.

נארבונע, אין וועלכע פון דיא ביידע זיינען זיא מעכטיגער? צוא אין קאמערצע, צוא אין קאנטאר געשעפט?

זימאן, אין קאנטאר געשעפט, אונ איך האפע דאס מען קען עס מיר גאנץ אום בעזארגט מיר איבער געבין, אונ פאר לאזען זיך אויף מיר.

נארבונע, יא מיין בעסטער צוא פאר שטיין איז עס נאך ניט גענוג, מען מוז נאך דער צו העכסט ערליך זיין, העכסט אום זיכטיג זיין, מען מוז זיך בעליבט מאכין אין דער קאמערצען וועלט (בייא סוחרים) אונ דאך זיך ניט קלין ציינן דער בייא אלס איין געמיינער סאחער יודע.





זימאן, עס פאר שטייט זיך דאס אן אלע דיזעס קען קיין קאנטאר גישעפט גיטריבין ווערדען.

נארבונע, אויך מוז מען האבין אפענע אויגין אויף אלע געהילפען וואס מען האט בייא זיך אין דינסט זעלבסט אויף דיא בורסען, דען זייא מאכין זייער אפט דומע סטוצקעס;

זימאן, אויך מער פאר אלין דארף מען וויסען גאנץ ריכטיג דיא לייטע וואס מען שטייט מיט זייא אין גישעפט, צוא זיינען זייא ניט פאר שווינדעלט, צוא זיינען זייא מענער פון גוטין חאראקטער, אונ צו פאר שטייען זייא זייערע גישעפטין, דאס הייסט צוא זיינען זייא קיינע פריצין.

נארבונע, גאנץ גערוים דאס איז איין הויפט בעדינג.

זימאן, אויך מוז מען וויסען וויא עס שטייט מיט דער פאליטיק, צוא איז דער פרידין אין איראפא זיכער דען וואס נאך אין דער וועלט קען שאדין דעם מסחור וויא קריג אונ אומרוהיגקייט אין דער וועלט, דען עס ווערדען דאן בלאקירט דיא האווינס אונ דיא פרייזען פון אלע פראדוקטען זינקען אונ מען באנקראטירט מעהר ווילענדיג אלס ניט ווילענדיג, ווייל עס איז יעדין בעזונדער לייכט אויף צוא געבין איינע אורזאך וואס עס דרינגט איהם דער צוא.

נארבונע, אויך מוז מען איין גוטער קענער זיין אויף דיא גאלד מינצען אונ זילבער שיינען (סיגנאציעס) דען מיר האבין גענוג פאלשע מינצען אין אונזער לאנד.

זימאן, דערויף פאר שטייא איך פיל בעסער אלס אנדערע באנקיען, דיא זילבער שיינען דער קען איך אין דער פינצטער. אזו גאר נאך דעם אן טאפען דאס פאפיר. אונ דאס גלייכין דיא גאלד מינצען נאך איינעם הארטין דריק אן דעם טיש, איז עס ריינעם פיינעם גאלד גיט עס נאך (דאס הייסט עס לאזט זיך עטוואס איין דריקען) איז עס גיפאלסט בלייבט עס וויא גיוועזען.

נארבונע, זינד זיא אבער בעקאנט מיט דיא אלע קורסען פון דיא אויס לענדעשע מינצען?

זימאן, דאס קען איך אייך באלד צייגען, דען איך האבע עס שוין לאנג אויס גירעכינט אונ האב געמאכט איינע טאבעלע דעריבער, ערלויבין זיא וועל איך עס באלד צייגען, זיא ליגט אין מיינעם פולט דארטין אין קאנטאר, אלזא בעפעלין זיא אונ איך ברייגג איהר.

נארבונע, גיין מיין ליבער פערבלייבין זיא נאך איינע ווילע, דען

מיר האבין נאך עטוואס צוא שפרעכין מיט איינאנדער, מיר וועלין דיא מאבעלע ניט פאר זאמען צוא זעהען.

## צווייטער אויף טריט.

איזראעל, עס איז יעמאנד דרויסען דער וואס האט נייטיגעס צוא אייך.

זימאן, אלזא וויל איך אייך מיין הער ניט שטערין.

נארבונע, ניין בלייבין זייא הער זימאן, יענער וואס ברויכט צוא מיר קען זיך נאך איינע ווייל געדולדין.

זימאן, אבער ווען ער דאך וואס נייטיגעס האט צוא אייך.

נארבונע, אם נייטיגסטען איז מיר איצונד צוא שפרעכין מיט אייך, דען עס האנדילט זיך יעצט אום איינער העכסט וויכטיגעס זאכע, אלזא בלייבין זיא דא.

איזראעל, יענער אבער זאגט דאס זיין אינטערעס איז העכסט דרינגענד אונ פון גאנץ קורצין דויער, (זימאן איילט זיך אוועק צו גיין).

נארבונע, קומען זיא אבער גלייך ווידער.

זימאן, יא איך קומע באלד צוא ריק.

נארבונע, (צוא דעם איזראעל) אלזא לאז איהם אריין קומען.

## דריטער אויף טריט.

נארבונע, אונ שאלאמאן.

שאלאמאן, (זיך פערנייגענד) ווען אויך מיין הער האט מיך ענטלאסן פון דער שטעלע ביא אלעם דעם בין איך נאך אייער טרייער דינער וויא גיוועזן, אונ איך דאנק אייך אלזא פאר אייער זאלין אונ ברויט וואס איך האב גינאסין ביז אהער, אונ פאר בלייבע אייער ערגעבענסטער פריינד אויף אימער. דען איר פאר דינט עס אויפען גרעסטין אופן פון אלע אייערע גיוועזענע דינער, איך האב ניט דעם מינדעסטין פאר דרוס אויף אייך פאר אייער אנטלאסין מיך, דען פאר געוויס האבין זייא עס ניט גיטאן, בלויז אום מיר צוא שאדין, נור אום דיא שטעלע מיינע מיט איינעם בעסערין צוא באזעצין, אונ דיזעס גיהערט צוא טאן דער בעסטער גישעפטס מאן אויף נאטעס וועלט, אלזא אלס פאר בליבענער פריינד





בין איך גיקומען צוא אייך אן צוא ווינקען, דאס איהר האט זיך צוא פיל אן געטרויט איינעם מענטשין וואס איז אן אכאראקטער אונ אן דיא מינדעסטע פייהיגקייט, אונ איהר האט נאך צייט זיך לויז צוא מאכין פון איהם.

נארבונע, אונ ווער איז עס דער יעניגער?

שאלאמאן, קיין אנדערער אלס דער זימאן טריפלער.

נארבונע, וואס!

שאלאמאן, יא מיין הער גראדע דיזער זימאן, איז העכסט אום וויסענד, העכסט נידערטרעכטיג, געדולדען זייא זיך מיינע ווערטער אויס צוא הערין איבער איהם, איך וועל אייך איהם פאר שטעלען וויא ער ווירקליך איז, אין זיינעם עכטען געשטאלט.

נארבונע, איין עטוואס גערולד, (ער קלינגט אן אונ דער איזראעל איז אריין) רוף מיר אריין דעם הערין זימאן טריפלער.

שאלאמאן, ניין מיין הער דיזער זימאן פאסט גראדע ניט צוא אונזערעם איצטיגין געשפרעך וועגין איהם.

נארבונע, אונ איך בין גראדע פון דער פאר קערטער מיינונג, דאס ווען מען האט וועמען אן צוא קלאגין פאר זיינעם פרינצעפאל. מוז דאס גישעהען אין דעם בייא זיין פון דעם אן געקלאגטען, אונ אלס יענער האט זיך ניט מיט וואס צוא פאר ענטפערין, דאן איז דיא קלאגע וואר.

שאלאמאן, עס איז אבער העכסט אונאנגענעהם צוא זאגין יענעם אין דיא אויגין ווען אויך וואר איז, נור ווען אייך אזו בעליבט איז אונ ניט אנדערס, בין איך פארטיג אויך דארויף, אלזא ער מעג אריין קומען, דען אין גרונט האב איך ניט וואס צוא פירכטין, איך האב נור ריינע ווארהייטען צוא זאגען אונ ווייטער ניט.

נארבונע, ווען אזו איז גוט, (נון קומט ער אריין).

## פערטער אויף טריט.

דיא פאריגע אונ זימאן:

נארבונע, (צוא דעם זימאן) קענען זייא דיזען הערען?

זימאן, (העכסט צוא מיסט) ער איז הער שאלאמאן.

נארבונע, איך האב אייך גילאזט אריין רופען, נור אום דאס איר

זאלט אייך געגין איהם פערטהיידיגען דען ער איז גיקומען אום אנצוקלאגן אייך פאר מיר, נון ריידין זיא (צוא דעם שאלאמאן).

שאלאמאן, ליבער הער נארבונע ווען זייא איין מאל ערלויבין מיר צוא ריידין, דא מוזין זייא שוין אוים הערין פון מיר פיל מעהר אלס זייא וואָרען פאר הער גיפאסט. אונ אין דעם האבין זייא זעלבסט שולדען, וויל זייא האבין ניט אנדערש גיוואלט דאס איך זאל עס אים אין אויג זאגען.

זייא זאלין וויסען דאס איך אונ דיזער זימאן וואָרען אין אונזערען יוגענד שולקאמעראדען, אונ דאס ער נאך דאן האט שוין געגנוג געהאט פאר וואס מיר צוא דאנקען, אונ מיר ביידע גלייך (עס איז שוין גאנצע פופצעהן יאהר) האבין אן געהויבין צוא דינען אין דיזעם בירא פאר אייער פאר שטארבענעם פאטער ביידע אלס שרייבער. דיזער זימאן האט געשטיגין אין זיינעם דינסט. איך אבער בין געבליבין זיצין ביז דיזעם טאג אויף דער זעלבינע שטעלע מיט דעם זעלבין גיהאלט, פון פאר פופצעהען יאהר וואר איך דאן איבער שרייבער אונ בין עס נאך איצונד אויך, אונ ניט געגנוג דאס דיזער אום דאנקבארער זימאן טריפלער. (דען איך האב אין דיזעם גאנצין צייט פון פופצעהן יאהר געארבייטעט אין דעם קאנטאר פיל מעהר פאר איהם אלס פאר מיך. ארבייט וואס ער זעלבסט וואר ניט אין שטאנדע עס אוים צו ארבייטען) ער האט קיין שריט געטאן אום מיינעם שטאנד צוא בעסערין, האט ער מיר נאך אוים געשטאבין פון מיינע שטעלע, אונ האט איהר בעזעצט מיט איינעם אנדערין. אלזא מיין הער האב איך שוין פאלען רעכט זיך ניט איין צוא האלטין איבער איהם, אונ אראפ רייסין פון איהם זיינע ערליכע אונ געבילדעטע מאסקע פאר אייך מיין הער צוא אזו איינער צייט וואס ער קען אייך העכסט שעדליך ווערין, דאס הייסט דאס עס האלט דער בייא דאס איהר ווילט איהם אן טרויען איינע שטעלע אין דעם נייעם באנק וואס איהר וועט באלד עפענען אין טולען, אונ וויא עס איז צוא הערין נאך מעהר דאס איהר ווילט איהם פאר איין איידעם נעמען, איך זאגע אייך מיין הער דאס דיזער מענטש איז ניט ווירדיג דיזע שטעלע וואס ער בעזיצט יעצט בייא אייך (פראוויטעל קאנצעלאריע) אונ פשיטה שוין אזו איינע גרויסע שטעלע וואס איר ווילט איהם נאך אן טרויען, דען דיזער מענטש איז העכסט אום וויסענד דען ער גלענצט נור אין פרעמדע פעדערין, דען אלעם וואס נור וויכטיגעס האב איך אונ דער מיכאל טראנזע פאר איהם געמאכט, ער זעלבסט פאר





שטייט גאר ניט פון באנקייא גישעפט אונ איז אייך אריין געקראכען אין בוזעם נור דורך הוילע חניפה, אונ דורך זיין מאכין זיך גיפעליג בייא אייער מוטער, אונ עס בלוטעט מיר דאס הערץ צוא זעהען דאס אזו איין שופט שטייגט, אונ דאס דער מיכאל טראנזע איז איין גרויסער קאפ מענטש איז, איין מאן מיט איינער פיל זייטיגען פעדער, אונ איין אוים געפרובירטער אין ערליכקייט, אונ איין פאמיליען פאטער, וואס ערציהט זיינע קינדער צום נוצין פון דער וועלט, זאל בלייבין גאנצע פופצען יאהר אויף דער זעלבע קליינע שטעלע וואס ער האט בעצויגען נאך פאר פופצען יאר אלס ער האט אריין געטראטין אין דיזעם קאנטאר אלס קאראספאנדענט נור, אונ איז וויא איך וויים אין גרויסע נויטין, דאס ער איז ניט אום שטאנד צוא מאכין זיינעם זון וואס דינט אין דעם פולק לע האנירם איינעם גיהעריגען אפיצערסקין מאנדערופקע, דיזעם אלעם איז מיין הער איין בלוטיגער פאסקאוויל אויף אייער עהרע אונ ערליכקייט.

נארבונע, אונ וויא גייט עס מיט דיזעם יונגען מענטשין מיט דעם יאזעף אין זיינעם דינסט, שטייגט ער דארט, איך גלויב דאס ער איז נאך ביז יעצט פארוציק, אונ ער זאל דאס וויא מען זאגט איין בראווער יונגער מאן זיין מיט איינעם גרויסען טאלאנט?

שאלאמאן, א מיין הער דיזער יונגער מאן האט ניט זיין גלייכין, אייער טאכטער קען איהם, דען ער פלעגט איהר בעזוכען אלס זיא וואר בייא איהר טאנטע אין קאלמאר. נור וואס העלפט עס השלמה איז ניט גענוג צום שטייגען ווען מען וויל דער צוא אויך ערליך זיין דאס הייסט ניט קיין שמייכלער זיין, אונ דער צו נאך ארעם אונ שלעכט געקליידעט.

נארבונע, נור ווייטער צו דער זאכע.

שאלאמאן, איך בין צוא ענדע, דען איך האב שוין גאנץ גענוג געזאגט.

נארבונע, (צוא דעם זימאן טריפלער) נוא וואס זאגין זייא דערויף?

זימאן, ווען עס וואהר איז וואס ער זאגט פון מיר דאס איך בין איין אומוויסענדער, איין טויגעניכטס, איין חונף, איין אומדאנקבארער, אונ דאס ער זאגט עס אייך נור אוים פריינדשאפט צוא אייך, איז מיינע פראגע ווארום האט ער עס אייך ביז אהער דיזעם פאר שוויגען, ווען עס וואר איז וויא ער זאגט, וואר איך דאך אייך שעדליך אויך ביז אהער אין דיזע שטעלע פון פראוויטעל קאנצעלאריע, אלזא איז שוין דייטליך ארוים צוא זעהן, דאס אלעם וואר געשפראכין נור אוים הוילער קנאה,

עס קריינקט איהם דאס איך זאל איין פראוולאיוסצע אין דער נייער באנק ווערין, אונ וואס איהר האט פאר דרוס (צוא דעם שאלאמאן) דאס איך האב אייך פון אייער שטעלע פאר דריינגט, איז עס אייך צוואר צוא פאר צייען, אבער נור אויס דיזעם גרונד, ווייל איהר זייט ניט קלוג. דען לויט ארענטליכער מענטש מיט איינעם געזונטין פאר שטאנד, האט איר גידארפט קומען באלד צוא מיר אונ פאר האלטין מיר דער פאר, אונ וויא איך לעבע דאס איך האב אייך היינט ערווארטעט בייא מיר אין שטוב וועגין דעם, אונ דאן וואלט איהר שוין פיל בעסער געוואוסט אלס יעצט, וויא איהר האט מיך דאנאסעוועט פאר מיינעם פרינצעפאל, העטע איהר עס געטאן דאס הייסט קומען צוא מיר אויף דער שטעלע פון אייער דער וויסען זיך דאס אייער פלאץ איז געווארען בעזעצט דורך מיר מיט איינעם אנדערין, דאן וואלט איהר אוועק פון מיר מיט איינעם פיל בעסערין הארצין אונ מיט איינעם פיל פרייליכערען געמיהט אלס איר וועט אוועק גיין פון דאנען, דען איך וואלט אייך שוין ערקלערט דאן מיינע גוטע אב זיכט מיט אייך דארין, איך האב אייך בעצייטינגט מיט אייערע ביז העריגע שטעלע נור דארום אום צו געבין אייך איין בעסערע שטעלע, איך האב געמיינט צוא מאכין אייך פאר איין פראוויטעל קאנצעלאריע דארטין אין דעם נייעם באנק וואס איך דארף דארטין ווערין פראוולאיוסצע, אונ אלס איהר האט עס ניט גיטאן איז דאס איין בעווייז דאס איהר זייט קיין מאל ניוועזען איין גוטער פריינד מיינער, אונ דאהער האט איהר אויך מיר געהאלטין פאר איין שונא, אונ עס וואר בייא אייך איין מציאה צו האבין שוין איינע אורזאכע אן צוא שווארצין מיך פאר מיינעם הערין וואס איר האט אייך מיט אייער דאנאס פיל מעהר בעליידיגט אלס איך, דען איר האט איהם געמאכט אין אייער אן קלאגין מיר פאר איהם פאר איינעם העכסט אום וויסענדען מענטשין וואס פאר שטייט זיך ניט אויף זיינע דינער.

שאלאמאן, גיין מיין הער דאס איז נור איינע בלויזע ווידומקע פון אייך (דאס הייסט נור ערסט אויס געדיינקט) בייא אייער וויסען דאס איר ווייסט דאס איך בין ניט וויא איהר אן צוא נעמען אזו איין שטעלע וואס איז ניט פאר מיין קאפ, אונ ניט פאר מיין פעדער, אונ איהר ווייסט דאך אויך דאס איך בין ניט שפאסאבנע צו זיין איין פראוויטעל קאנצעלאריע, אונ איינע דומהייט וואלט גיוועזן פון מיר צוא האלטין אייך פאר איין פריינד, אום צוא קומען צוא אייך בעטין אום איינע אנדערע שטעלע





בייא מיינעם וויסען דאס נור איהר האט מיר פון מיינער ביז העריגע שטעלע אטפראוועט, אונ בפרט דאס איך האב נאך ביז אהער דיא מינדעסטע פריינדליכקייט פון אייך צוא מיר ניט גיזעהען, קורץ געזאגט איך דאנק אייך דאס הייסט זאגט זיך אב פאר אייער נאייע שטעלע וואס איהר האט געמיינט מיר צוא געבין, דען אן צוא נעמען איינע שטעלע וואס מען קען איהר אישפראווען נור דורך דיא פייהיגקייט פון איינעם אנדערין מיט דינער, קען דאס מער ניט וויא איהר אבער ניט איך.

זימאן, אונזערע אלטע חכמים זאגין „אהבה מקלקלת את השורה“ דאס הייסט אויס ליבע צוא איינעם פריינד אדער צוא איינע זאכע טרעט מען זייער אפט ארויס פון דער ארדענונג, אונ מען פאר זעהט דעם איינגענעם כבוד אונ איינגענע נוצין, אונ נאך מיין געדאנקען איז עס בעסער צוא זאגין אויף דער קנאה „הקנאה מקלקלת את השורה“ וויא מיר זעהען עס איצונד מיט אונזערע אויגין, דאס אויס הוילע קנאה וואס איך אוואנסירע אונ איר ניט, מאכט איהר אייך זעלבסט ארונטער פאר אונזער פרינצעפאל, דאס איר זייט ניט פייהיג צוא זיין איין שעף בירא, טראץ (פראטיוו) מיינעם וויסען דאס איהר זייט איין גרויסער שרייבער אונ איין גרויסער רעכין מייסטער, אונ עס איז נאך קיינער אזו ראוי צוא זיין איין שעף בירא (פראוויטעל קאנצעלאריע) וויא איהר. אונ וויא גוט איך האב גימיינט מיט אייך, אזו גוט מיין איך מיט דעם מיכאל טראנזע, וואס איז ווירקליך איין מאן מיט גרויסע פייהיגקייטין, איך מיין דאס ער זאל בעציהען דיא איצטיגע שטעלע מיינע אין דער בירא, אונ דאס וואס איהר זאגט איך בין ניט גיוואקסען אדער איך טויג ניט פאר מיינע נאייע שטעלע, קען מיר שוין מיין פרינצעפאל ניט פון געבטין, אונ וויים שוין אלזא וואס צו שעצין אין מיר, דען ער איז איין גרעסערער מענטשין קענער אלס איהר אלע, איך וועל אייך ניט לייקענען, איך גיהערע ניט צוא דיא אויס געצייכענטע דאך בייא איינע פראקורע שטעלע, קומט עס מעהר אן טרייהייט אן ערפאהרטע ערליכקייט, אלס אויף גרויסע טאלענטע (השלמה), אונ פילייכט זיינען דא דער בייא אנדערע אויס זיכטען וואס איהר דארפט עס ניט וויסען, אלזא מיין פריינד איהר האט אייך גאנץ פאר רעכינט, נור בייא אלעם דעם בלייב איך אייער פריינד וויא ביז אהער, איך וויל עס פאר געסין, אונ מיר וועלין ווידער אלעם גוט מאכין.

נארבונע. נוא וואס זאגין זייא דערויף שאלאמאן, ווענדען זייא איהם איין ווען זייא קענען.

שאלאמאן, באמת האב איך ניט מיט וואס צו בעווייזן דאס ער איז נור איין עכטער געגענזאץ (איין הפך) פון דעם וואס ער שיינט אייך צו זיין, ביי אלעם דעם בלייב איך ביי דעם מיינונג, דאס ער איז נור איין עכטער פלוט אדער שהוטמאנציק.

נארבונע, אלזא הער שאלאמאן וויא איך זעה עס אן איז אייער אן קלאגע פיל מער לאזנער (דאנאס), וואס איז נור געגרינדעט אויף איין געדעכטען האס צו איהם אלס אויף איינע רייגע פריינדשאפט צו מיר, אונ דיזעס קען נור טאן איין פאר דארבענע הערץ.

זימאן, ניין הער נארבונע, דאס איז ער געוויס ניט, דען איך ווייס דאס ער האסט מיר ניט, אונ דאך איז עס איהם ניט צו פאר דיינקען, דען ער האט גיגלויבט דאס ער האט זיין ברויט פאר לארין דורך מיר, מיר וועלין עס אבער ווידער גוט מאכין, אלזא הער שאלאמאן לאמיר ווידער פריינדע ווערין, עס איז צוואר דאס איך האב דער ביי איין פאר זעהען גימאכט, איך האב געדארפט נאך בעפאר איך האב דיינע שטעלע מיט איינעם אנדערין בעזעצט, בעקאנט מאכין איהם מיט מיינער גוטער אבזיכט וואס איך דיינק איהם צו מאכין פאר איין פראוויטעל קאנצעלאריא.

שאלאמאן, ניין קיין פרידין מעהר צו וויסען אונז, דען מיינע אן קלאגע אויף איהם איז וואהר, אונ וועל ניט רוהען ביז איך וועל עס בעווייזן, פיל מעהר אום מיינע ערליכקייט צו רעטין. אלס זיך צו רעכענען אן איהם, דען איין בראווער מאן מוז זיך פיל מעהר קימערין אום זיינע עהרע אלס אום זיינעם ברויט.

נארבונע, דער ווילע איז דער הער זימאן ביי מיר גיאכט וויא ביז הער, אונ וועט אזוא ביי מיר בלייבין ביז איהר וועט מיר ווירקליך בעווייזען דאס ער איז ווירקליך וואס איהר זאגט אויף איהם.

שאלאמאן, אונ דיזעס איז מיר זייער לייכט.

נארבונע, נון טוען זיא עס שוין.

שאלאמאן, איך האב גענוג בעווייזע אבער דאך ניט אין דיזער מינוט. נור איינס קען איך שוין בעווייזען, דיזער שופט האט איין גרויסען פערמעגין, פון צו הויז איז ער ארעם, אלזא האט ער עס געזאמעלט ניט אויף דעם רעכטין וועג, אונ ווען עס זאל זיין גיזאגט קען איך אייך דיזעס ניט מאכין, וויא מען זאגט האנד גרייפליך





(דאס הייסט בעווייזען עס אייך בולט) דאך קען עס איך אייך פאר זיכערן מיט איינע היילינע שבועה דאס עס איז וואר.

זימאן, אזו ווייט מיך אן צו גרייפין? אויף אזו פיהל האב איך מיר ניט גערעכט פון אייך, ערשטינס קען מען שוין גיין מאכין איין רעווייזע איבער מיין סקאטולע, איך גיב אייך דעם שליסיל דער צו, אונ דאן וועט זיך ארויס ווייזין שוין דאס איך האב פיל וויינינער אלס עס איז דאס רעכט דאס אזוא איינער וויא איך דארף האבין. איין מענטש אן אפרויא אונ אן קינדער, אונ וואס פירט איין ניכטערנעם אונ ארענטליכעם לעבין, וואס ווייס ניט פון קיין קארט, אונ איז ניט קיין מיידכען יעגער, אונ דאס ווייניג געלט האבין איז נור וויל איך פאר וועגדע מיינעם שווער פאר הארעוועטען גראסען אויף מיינע ארעמע קרובים אונ אויף מיינע ארעמע מוטער זאל לעבין.

שאלאמאן, עס איז אלעס ניט וואהר.

זימאן, איהר זייט מיין פריינד פון זינען אראפ, זאנסט וואלט איהר געוויס ניט אויף געטראכטין אזו פיינדליך אונ גראב אנטקעגין אייערען פריינד אין דעם ביי זיין פון אונזערען פרינציפאל, אונ נאך מעהר צו פאר זינדיגען זיך דער מיט געגען אייך זעלבסט, דען איהר פארלירט דורך דעם איינע פיל בעסערע שטעלע אלס איר האט ביז אהער געהאט.

נארבונע, דיא ווארהייט צו זאגען האט איהר הער שאלאמאן זייער פיל פאר לארען אין מיינע אויגען, איך האב נאך עס ניט גיזעהען דאס איינער זאל אזו חוצפהדיק אויף טרעטין אנטקעגין זיין גוטין פריינד וויא איהר געגין דעם הערין זימאן, עס דוויערט מיך דיזער אום שולדיגער זימאן, ער האט עס געוויס ניט פאר דינט ביי אייך.

שאלאמאן, א ליבער הער נארבונע, העט איהר געוואוסט פון איהם אויף קלאר וואס איך ווייס פון איהם וואלט איהר עס אויך אזוא גירעט פון איהם וויא איך רייד פון איהם נור שלעכטס, אונ דארום איז אויך מיר ליבער הונגערען אלס אזו איינעם פאר דארבענעם מענטשין מיינעם ברויט צו פאר דאנקען.

## פינפטער אויף טריט.

### נארבונע אונ זימאן טריפלער.

נארבונע, האבין זייא ווען געזעהען אזוא איינע הארטנאקינקייט (עקשנות)?

זימאן, אונ בייא אלעס דעם איז ער איין העכסט גוטער מענטש, ער איז נור היציג, דער צוא נאך האט איינער געמוזט איהם אויף העצען געגען מיך, דען עס פעלט מיר ניט אן פיינדע וואס ווינצען מיין אונטער גיין.

נארבונע, זאל דאס אפט ניט זיין דער מיכאל טראנזע?

זימאן, פפוייא אויף דיזען איז ניט צוא דיינקען דען איך קען דיזען מאן, ער איז צוא פיין אונ צוא ערליך דיזעס צוא טאן, אונ צווייטינס ווייס איך געוויס דאס ער איז מיר גוט.

נארבונע, נון ווען מיר שוין איין מאל פון דיזען מאן שפרעכען. וויל איך הער פון אייך וואס פאר איין בעגריף זייא האבין פון איהם אין אלעם. דאס הייסט פון זיינע פייהיגקייט אין קאנטאר געשעפט?

זימאן, דער הער מיכאל טראנזע איז וויא דיא ווארהייט איין גוטער קאנטאר ארבייטער, אבער איין גאנץ בעגרענצטער קאפ. דאך זאג איך עס אייך ניט פאר געוויס, נור אזוי אם ווייניגסטען שיינט ער מיר אזוי צוא זיין, לייט זאגען אז ער איז איין מאן פון גרויסע ידיעות, אונ מיט איין גוטין פאר שטאנד, נור איך זעה עס אין איהם ניט אן.

נארבונע. אונ איך בין העכסט נייגעריג צו קענען איהם פון גרונד אוים (דאס קאנאליע).

זימאן, איך האב איהם שוין פיל מאל דעריבער געשפראכין, דאס ער זאל זיך פאר אייך פיל בעקאנטער מאכין. אונ ער אבער האט אלע געלעגענהייט דער פון אוים צוא מיידין, וויא עס ווייזט אוים איז איהם ליבער זיינע יאהרען צוא פאר לעבען אין דונקעלהייט אלס צו גלענצען, נור ווען זייא ערלויבין קאן איך איהם שוין אריין רופען צוא אייך.

נארבונע, בעמיהען זייא זיך ניט. איך וועל איהם שוין זעלבסט אויף זוכען, דער ווייל אבער לאמיר אונז אום קערין צוא אונזער פאריגען געשפרעך וואס עס איז מפסיק געווארין דורך דעם אריין טרעטין צוא אונז פון דעם שאלאמאן, איך מיין צוא דעם געשפרעך פון דער פראוולאיזסצע שטעלע וואס איך וועל אייך אן טרויען.





זימאן, (העכסט צוא מיסט) עס איז שוין איצונד שפעט, מען ברויכט שוין דעם קאנטאר צוא צו שליסען.

נארבונע, (טוענדיק איין קוק אויף דעם זייגער) זייא האבין רעכט, דאך פאר בלייבין זייא אויף איין אויגען בליק, אום נאך איין ווארט מיט אייך צוא ריידין.

זימאן, איהנען צוא דינען.

נארבונע, איך וויל אייך איין שטיק ארבייט געבין וואס מען ברויכט צוא האבין דער צוא געניג מוטה אונ פייהיגקייט, איך וויל דאס איהר זאלט אין אייער נאמען פאר פארטיגען איין שטאטייקע אדער דיעלא צוא דעם מיניסטער פינאנס וועגין דיא פאלשע זילבער שיינען וואס פאר מעהרין זיך פון טאג צוא טאג אין אונזער לאנד, וואס דאס שטערט דעם געשעפט, אונ וועט מיט דער צייט זייער פיל שאדען דעם קרעדיט, מען דארף עס זייער קלוג שרייבין העכסט אסטאראזנע דאס הייסט אום ניט צוא בעריהרען דער בייא דיא עהרע פון דעם מיניסטער, עס וואלט ניט שאדען דאס זייא זאלין איהם אין דיזען שרייבין אריין רוקען איינינע פלענער וויא ווייט דיזען אום גליק אב צוא העלפין, וויא מיר האבין שוין פאר אפאר וואכין דער פון גירעדט, גליקליכע פראיעקטע, דיזעס אלעס מוז געשריבין ווערין אין איינעם פיינעם שטיל (סלאג אדער נוסח) העכסט קורץ אונ בינדיג, איך גלויבע דאס זייא זיינען וויא געבארין דער צוא, דען זייא האבין דאך איינע געשיקטע אונ בעאיבטע (געניטע) פעדער.

זימאן, (גאנץ פערלעגען דאס הייסט סעפעטליווע) איך וועל עס אייך מאכין מיין הער וויא זייא ווינסען.

נארבונע, דאס מוז אבער גיך אונ באלד ווערין פאר פערטיגט אוים געוויסע אורזאכען, אונ אויך אום איהר זאלט זיין מיט דיזעס שרייבין דער ערשטער בייא דעם מיניסטער, אונ דאן איז צוא האפין דאס איהר זאלט דער פאר גוט בעלוינט ווערין פון איהם מיט איינעם ארדען, פון דער עהרען לעגיאן, אונ אלזא אדיע, (ער גייט אוועק).

---

## זעכסטער אויף טריט.

### זימאן אונ מאדאמע בלומע:

בלומע, גוט דאס זייא איצונד אליין זינד הער זימאן, דען איך האב

צוּא רֵיידִין מִיט אַייך וָואס מַיין זוּן דַארְף עֶס נִיט הֶערֶען, מִיר וֶועלִין הַיינְט צוּא אָוִוינְד אֵיינֶעם קְלֵיינֶעם קָאנְצֶערְט גֶעבִּין אִין אוּנְזֶער הוֹיז, אוּם מַיינֶע אגנעס זָאל הָאבִּין אֵיינֶע גוּטֶע גֶעלֶעגֶענְהַייט צוּא לָאזֶען זִיךְ הֶערִין דָאס זִיא זִינְגְט שֵׁיין, אוּנ עֶס אִיז דִיזֶעס צוּא פַאר צַייהֶען אִיהְר, דֶען זִיא אִיז דָאךְ אַיין יוּנְגֶעס בְּלוּט, אַלְזָא מַיין הֶער וִויא עֶס אִיז צוּא הֶערִין פוּן אַייךְ דָאס אִיהְר זַייט אַיין גוּטֶער פָּאעֶט. פַאר לַאנְג אִיךְ פוּן אַייךְ אִין אִיהְרֶעם נָאמֶען דָאס אִיהְר זָאלְט מַאכִין אַיין לִיד וָואס זָאל פַּאסֶען צוּא זִינְגֶען צוּא דִיזֶעם אָבֶענְד.

זימאן, (הֶעכְסְט פַאר לֶעגֶען אוּנ זַאמִיסַאטֶעלְסְטְוָוא) פַאר גֶעווִיס מֵיינֶען זִיא אֵיינֶע רָאמַאנְצֶע (דָאס הֵייסְט אַזוֹ אַיין לִיד וָואס וֶוערְט אִין אִיהְם אָב גֶעזוּנְגֶען אֵיינֶע קוּרְצֶע עֶרְצֵיילוּנְג אִין גְרַאמֶען)?

בלומע, גוּט דִיא רָאמַאנְצֶען לִיבֶּען מִיר בֶּעזָאנְדֶערְס.

זימאן, אוּנ דִיזֶעס גְרַאדֶע אִיז בַּייא מִיר אַיין פֶעדֶער שְׁפִּיל, (דָאס הֵייסְט אֵיינֶע קְלֵיינִיקַייט) אִיהְר וֶועט עֶס בַּאלְד בֶּעקוּמֶען פוּן מִיר, טְרָאץ דֶעם (פְּרָאסְטִיוו טָאהָא) וָואס אִיךְ וַואר אַיין גַאנְצֶע נַאכְט בַּייא שְׁוֶוערֶע רֶעכֶענוּנְגֶען, אוּנ גְרַאדֶע וֶוען אִיךְ וֶוער שְׁטַארְק אָן גֶעגְרִיפֶען פוּן מַאנְכֶע נַאכְטְלִיכֶע אַרְבַּייט, דַאן דֶער קְוִויק אִיךְ מִיךְ מִיט אֵיינֶער פֶּערְזֶע מַאכִין (אֵיינֶעם לִיד פַאר פַאסֶען), אוּנ בִּפְרַט נָאךְ פַאר דִי אֵיינְגֶעל שֵׁיינֶע אגנעס.

## זִיבֶּעטֶער אוֹיף טְרִיט.

דִיא פָּארִינֶע, אוּנ רובינע זַיין פֶּעטֶער.

רובינע, נוּא וֶוען עֶר שׁוֹין אַיין מָאל דָא אִיזְט, וֶועט מִיר שׁוֹין עֶרְלוֹיבְּט זַיין אַרַיין צוּא גֵיין אַזוֹ גְלוֹיבֶּע אִיךְ:

בלומע, וָואס אִיז דָארְט?

רובינע, אָ דִיא דִינֶער זַיינֶען פִּיל שְׁלִימֶער אַלֶעס דִיא הֶערֶען, אִיךְ בְּרוֹיכֶע צוּא דֶעם הֶערִין זימאן.

זימאן, נוּן יַא דָא בִּין אִיךְ וֶוער בְּרוֹיכְט דָא צוּא מִיר?

רובינע, (בַּייא זַיינֶעם אַרַיין גֵיין אִין שְׁטוּב) קֶענֶען זִייא מִיךְ?

זימאן, גַאנְץ אוּנ גָאר נִיט.

רובינע, אָי אָי זִייא עֶרְקֶענֶען מִיר נִיט? אִיךְ בִּין דָאךְ רובינע וָואס וַואר אַייעֶר שְׁפִּיל קַאמַארַאד, אוּנ דֶער צוּא נָאךְ אוֹיךְ אַייעֶר פֶּעטֶער, אָ





זִייא הָאבִּין מִיךְ גַאנְץ פַאר גֶעסִין עֶס אִיז צְוַואר נִיכְט צוּא פַאר דֵיינְקֶען אַייךְ, שׁוֹין פוּפְצֶעהֶן יָאהְר דָאס מִיר הָאבִּין אוּנְז נִיט גִיזֶעהֶען, מִיר בֵּיידֶע הָאבִּין אוּנְז שְׁטַארְק פַאר עֶנְדֶערְט, קוֹים דָאס אִיךְ הָאבּ זֵייא דֶער קֶענְט.

זימאן, נוּן פְרֵייט מִיךְ אַייךְ וִידֶער צוּא זֶעהֶען.

רובינע, אוּנ מִיךְ פְרֵייט נָאךְ מֶער צוּ זֶעהֶען אַייךְ מַיינֶעם פְּלִימֶענִיק אִין זֶעלְבֶּע עֶהְרֶע, דֶען זִיא וַוארֶען דָאךְ בַּאן אַיין בְּלוּט אָרֶעמֶעס קִינְד וִויא אִיךְ, גֶעלִיטֶען הוּנְגֶער אוּנ קֶעלְט וִויא אִיךְ, נוּן אִיז אַייךְ לוֹיבּ גָאט פִּיל בֶּעסֶער אַלְס מִיר דֶען אִיהְר זַייט דָאךְ אַיין שֶׁעף בִּירָא אוּנ אִיךְ בִּין נוּר אַיין אָרֶעמֶער עֶקֶענְשְׁטֵייעֶר.

זימאן, (גַאנְץ אִיזְמוּצֶעט) אָבֶער מַיין פְרַיינְד נִיט דָא אִיז דֶער אָרְט פוּן אֵיינֶעם פְרַיינְדְלִיכֶען וִידֶער זֶעהֶען זִיךְ מִיט מִיר, דֶען דָא אִיז נִיט מַיין הוֹיז, אוּנ שְׁטֶערִין מַיינֶע פְּרִינְצֶעפַאלֶען, אַם לִיבְּסְטֶען זָאלְט אִיר מִיר בֶּעזוּכִין אִין מַיין אֵיינֶענֶעם וואוֹנוּנְג:

בלומע, זֵייא שְׁטֶערִין מִיר נִיט אַם מִינְדֶעסְטִין, אוּנ שְׁפְּרֶעכִין זֵייא מִיט אֵיינַאנְדֶער גַאנְץ פְרַייא אַלְס אִיךְ הֶעטֶע הִיר נִיט גִיוֶועזֶען.

זימאן, וֶוען זֵייא עֶס עֶרְלוֹיבִּין מַאדַאם אִיז מִיר מַיין גַאסְט וִוילְקָאמֶען אוֹיךְ הִיר, עֶר אִיז צְוַואר אַיין גַאנְץ אֵיינְפַאכֶער מֶענְטְשׁ, אָבֶער אַיין גַאנְץ בְּרַאוֶוער מַאן, אוּנ לִיבּ אִיהְם דַארוּם פִּיל מֶעהְר אַלְס אַלֶע אַנְדֶערֶע פֶּעטֶערְס מַיינֶע וָואס זַיינֶען רַייךְ אוּנ גֶעבִּילְדֶעט.

בלומע, עֶס אִיז אִים אָן צוּזֶעהֶען דָאס עֶר אַייעֶר פֶּעטֶער אִיז, דֶען עֶר אִיז אַייךְ גְלַייךְ וִויא צְוֵוייא טְרָאפֶּענְס וַואסֶער.

זימאן, הֶער פֶּעטֶער וָואס אִיז הִיר אַייעֶר טָאן?

רובינע, אוּם מַיין גְלִיק הִיר צוּ מַאנֶען, דֶען בַּייא אוּנְז אִיז שְׁלִימֶע צַייטֶען, אוּנ הִיר אִין פַּארִיז לֶעבְּט נָאךְ דִיא וֶועלְט, עֶס אִיז דָא גֶעשֶׁעפְטִין אִיבֶּער גֶעשֶׁעפְטִין.

זימאן, וָואס זָאגֶען זִיא דֶערִיבֶּער מַאדַאמֶע?

בלומע, עֶרְקוּמְט מִיר פָאר גַאנְץ קָאמִים (לֶעכֶערְלִיךְ).

זימאן, עֶס אִיז זִיךְ לוּסְטִיג צוּ מַאכִין אִיבֶּער זַיינֶע אוּנְוִויסֶענְהַייטֶען אוּנ אִיבֶּער זַיינֶע מֵיינוּנְגֶען אִיבֶּער דִיא וֶועלְט. אוּנ אַזוֹ מֵיינֶען אַלֶע קְלֵיינְשְׁטֶעטִישֶׁע דָאס אִין פַּארִיז רֶעגֶענְט מִיט דוּקַאטֶען.

רובינע, הֶערִין זִיא מַאכִין זֵייא זִיךְ נִיט לוּסְטִיג אִיבֶּער מִיךְ, מַיין פָאטֶער זֶעלְבְּסְט הָאט מִיךְ צוּא גֶעטְרִיבֶּען צוּא דִיזֶען שְׁרִיט דָאס אִיךְ זָאל פָארֶען קַיין פַּארִיז, עֶר הָאט אַייךְ אוּנ אַזוֹ אוֹיךְ דֶעם הֶערֶען מיכאל

טראנזע אלס לעבעדיגע ביא שפּילע פאר געשטעלט, דאס איר ביידע וואַרען אויך אָרעמע יונגען, טויגעניכטשען, אום געזאגט זיך איבער די שטראזען, אונ איהר ביידע האט אייער גליק אין פּאריז געפונען, אלזא זאל איך עס אויך טאן, דען אם בעסטען וועל איך מיט די לאסטטרעגערייא ניט ווייט קומען, ציהע קיין פּאריז האט ער מיר גיזאגט דוא וועסט דארט ניט עלענד זיין, דוא האסט שוין דארט איין פּלימעניק דעם זימאן, דער וואס שפּילט שוין דארט איינע גרויסע ראליע אונ איז שוין רייך, ער וועט דיר שוין איינע גוטע שטעלע געבין, אונ פיליכט נאך איינע גוטע פּארטיי אויס זוכען פאר דיר, אויך דער מיכאל טראנזע איז דיינער איין אלטער בעקאנטער, אלזא ליבער זימאן דער פּאטער האט גוט געראטהען, אונ איך פאלגטע איהם, אלזא איז שוין ניט צוא שפּאטען פון מיינעם קומען קיין פּאריז, אונ ווען איך בין שוין דא אונ האב דיא עהרע צוא זעהען אייך ווירקליך גליקליך, איז אייערע שולדיגקייט אלס טרייער פרוינדטער דאס איהר זאלט מיר אויס זאגען דאס געהיימעניס וויא מען זאל זיך גליקליך מאכען אין פּאריז.

זימאן, (מיט איינעם געקריינקטען לאכען), עס איז קיין געהיימעניס דערין, מען דארף זיין קיין פוילער אונ דער צוא העכסט בראוו אונ ערליך אונ דעם ליבין גאט בעטין דאס ער זאל צוא הילפע זיין, אונ ווען מען איז שוין איין מאל בעשטעלט (דאס הייסט ווען מען איז אזו איין מענטש פיר אימער) איז מען שוין ניט פארלארין, אויך וואו מען נור איז, אפילו אין איינעם קליינעם דארף אונ ניט נור אין פּאריז, נוא זאגין זייא מיר ליבער פעטער וואס מאכען אלע דיא אונזערע דארט צו הויז, וויא גייט עס אונזער הערשעל, דיא דיקע מינען, דעם אבראם אייסלער?

רובינע, אלעס ביא דעם אלטען (דאס הייסט אלס וויא פריער), אם שלימסטין אבער גייהט עס אייערע מוטער זיא איז אין גרויסע נויטען, אונ זיא אונ אויך אנדערע האבין גרוים פערדרוס אויף אייך, דאס איהר אזו איין רייכער זאהן העלפט איר ניט אין מינדעסטען, אונ דיזעס איז ווירקליך הימעל שרייענד.

זימאן, (גאנץ לייזע פאמעלאך) האלט מויל דוא אייזעל קאפּ.

בלומע, וואס זאגט ער פון אייער מוטער?

זימאן, (הויך) וויא זא? איך פערשטייא ניט, איז טויזענד טאלער אויך ווייניג, איין מענטש אליין, אונ דער צוא נאך איינע שפּארזאמע פרויא, פערגעווים מוז זיא עס צוא טהיילען אונטער איהרע אָרעמע





פריינדען, דאס זיא האט איינע אָפּענע האנד איז שוין אלע וועלטין בעקאנט.

רובינע, אויך איז זיא אונגוואויל, דאס זיא מיינט דאס זיא האלט שוין ניט ווייט פון שטארבען, אונ זיא ווינטשט זיך אייך צוא זעהען פאר איהר טויט.

זימאן, גרויסער גאט, וואַרום האט מען עס מיר ביז אהער פאר שוויגען (ניט אויס געזאגט). אלזא מוז מיינע ערסטע זאכע זיין צו נעמען ערלויבעניס ביא מיינעם העררען אויף איינע וואכע אום צו פארען צוא איהר אונ ברייגען איהר אהער, איך וועל איהר געבין דא קוראציע, אונ וועל איהר שוין פערהאלטען ביא מיר אויף אימער.

רובינע, אָ זיא האט עס שוין לאנג געוואונצען, נור איר האט עס פאר קיין פאך ניט געוואלט.

זימאן, וייל איך האב געמיינט דאס זיא וועט מיט דיא טויזענד טאלער פיל בעסער לעבין אלס היר אין פּאריז. איצונד אבער אז איך וויים שוין דאס זיא דארבט דארט, פאר איך זעלבסט איהר ברייגען אהער קיין פּאריז, דען עס שנייט מיר מיין העררץ הערינדיג דאס.

בלומע, אָ איך גלויבע דאס אייך, אונ איך זעה דאס אָן אייך וויא איהר זייט איין צערטליכער זון, אזו וועט איר אויך זיין איין צערטליכער מאן, אונ גליקליך וועט זיין דאס מיידכען וואס וועט אמאל אייער פרויא ווערין, דער ווילע אדיע, איך האב וואס צוא טאן אין דער קיכע, אונ לאז אייך אליין מיט אייער פעטער.

## אבטער אויף טריט.

### זימאן אונ רובינע.

רובינע, וויא דיא וואַרהייט צוא זאגין האב איך מיר גאר גיט געריכט אויף אזו איינע וואָרעמע אויפנאהמע פון אייך וויא איך האב איצונד געהאט, דען פילע פון מיינע בעקאנטע האבין מיר געזאגט דאס איהר זייט זייער שטאלץ, אונ דאס איר וועט אייך גאר שעמען צו ריידין מיט מיר, אונ פשיטה שוין ניט אָן נעמען פאר איינען פערוואנדטען, אונ איר וועט אייך מאכין אלס איר קענט מיר גאר ניט.

זימאן, (נאך זיין ארום זעהען זיך צוא דיא מאדאם בלומע איז שוין

אוועק) זאג מיר דוא אייזעל קאפ וויא אזו איז דאס ביא דיר אוים געקומען דאס דוא זאלסט מיר דעם ערשטין בעזוך מאכין גראדע אין דאס הויז פון מיין פרינצעפאל?

רובינע. נון וויא איך האב דיר שוין געזאגט אום מיינעם גליק צוא מאכין.

זימאן, אום דיין גליק צוא מאכין דוא שאף קאפ, א טויגעניכטש (ליידיג גייער) פאר אזו איין דום קאפ וויא דוא בינסט איז איין קליינער דארף אויך גענוג דיר גליקליך צוא מאכין, ווען דוא ווערסט נור וועלין ארבייטין, צוא וואס ברויכסט דוא נאך פאריז צוא פארין.

רובינע. אבער אום גאטעס ווילען איך פאר שטייא אייך גאר ניט, דא מיט איין מינוט פריהער וואר איך אויף געקומען פון אייך העכסט ווארעם אונ פריינדליך, וויא פון איינעם הייסען קרוב, אונ איצונד שוין אזו אונפריינדליך, העכסט בעליידיגט אונ גראב. נון הייסט עס העכסט פאלש אונ איידעל. ערציילע איך עס נור איינעם אנדערין, וועט ער אייך אוים לאכען אונ פלוכען.

זימאן. וואס איינעם אנדערין דער ציילען? דען וועסטו דיר זעלבסט מעהר שאדען אלס מיר, זייא רוהיג דום קאפ, איך וועל שוין איינע שטעלע אוים זוכען פאר דיר, אונ וועל אויך פאר דיא מוטער זארגען, האלט נור מויל, עס קריינקט מיר נור דאס דוא האסט מיך דא אין דער וואוינונג פון מיין פרינצעפאל אזו בעליידיגט. אלזא ווילסטו דאס איך זאל וואס גוטעס פאר דיר טאן, זאלסטו שוין אוועק פון דאנען, אונ דיין פוס אונ דיין געביין זאל שוין מעהר ניט קומען אהער, איך האב דאך איינע קוואַרטיר, דארט קענסטו מיט מיר ריידין וויא דוא ווילסט.

רובינע, איך ביטע אום פערצייהונג, יא זייא האבין רעכט, איך האב עס ניט געדארפט טאן. איך בין איין קליין שטעטילשער, אונ חיים ניט אלזא די עטיקעטע פון איינע גרויסע שטאט. דאס איין ארעמער קרוב איז איינע שאנדע, אונ דיא ווארהייט צוא שפרעכין איז עס איינע בעליידיגונג. איך העטע געוואונסען איינע שטעלע אין דעם אקצים.

זימאן, דער ווייל טראג דיך פון דאנען, דען דוא בינסט מיר דא נאך מעהר אלס איבעריג.





# דריטער אויף צוג.

## ערשטער אויף טריט.

«שאלאמאן צעדער, אונ יאזעף טראנזע, בעגעגענען זיך איינאנדער».

שאלאמאן, «יא איך זוך אייך שוין לאנג, איך האב ווארט גיהאלטין איך האב דעם נארבונען פאר גישטעלט אונזערין פארלעין דעם זימאן וויא ער איזט אין דער ווירקליכקייט. איך האב אים דער ציילט אלע זיינע פעלערין, זיינע גרויסע אונוויסענהייט אונ זיינע גרויסע פארדארבענהייט».

יאזעף, «נון איזט שוין איינע ענדע מיט אים? ער האט אים אפ געשאפט?»

שאלאמאן, «דער ווייל נאך ניט, א ער איז פיל מעהר חיטרא, אלס איך האב גימיינט. דען ער האט מיך דורך אוים צום ליגנער געמאכט, פאלשע איינווענדונגען אויף איינווענדונגען, דאס איך בין געבליבען שטיין פאר דעם נארבונע וויא איין דוראק, נאך מעהר ער האט בעת מעשה געשפילט דיא ראלע פון אבעסטין פריינד מיינעם, ער האט מיר בעדויערט, דאס איך האב ניט פאר שטאנען וואס ער האט געמיינט מיט דעם וואס ער האט בעזעצט מיינע שטעלע מיט איינעם אנדערין, זיין אבזוכט וואר נור אום צו געבין מיר איינע בעסערע שטעלע, דארט אין דעם נייעם באנק אלס שעפבירא. אונ האט מיר אלזא דער צו גאנץ פערזיכערט צו איספאלנייען, דאס איך בין גיווארין דורך דעם גאנץ בענומען, אונ בין אוועק פון דארט עפעס וויא איין לאזגער דאנאסציק:

יאזעף, «וויא? וואס, דאס איז בעסער אלעס גוט, אונ איך וויגסע אייך גליק איינער בעסערין שטעלע».

שאלאמאן, אונ איר מיינט דאס איך בין דרויף מרוצה גיווארין אן צו נעמען דיא פערשפראכענע שטעלע, ניין, איך האב מיר ענטזאגט פון איהר, ביא מיינעם וויסען דאס ער איז נור איין בעטריגער אונ איין חונף.

יאזעף, «אלזא וויא עס ווייזט אוים בלייבט עס ביא דעם אלטען, גאר ניט אוים גיפירט, ניט פאר אייך, ניט פאר מיינעם פאטער, אונ ניט פאר מיך».

שאלאמאן, ניין מיין פריינד, בלייבין זייא רוהיג, מיינען זייא ניט דאס דער זימאן האט מיך אויס גיהאט. ניין, איך ווערדע מיך ווייטער פרובען צו ריידען מיט דעם נארבונע. איין מאל צווייא מאל אונ אויך דרייא מאל, ביז איך וועל דאס מיינינגע אויס פיהרען, דען דיא ווארהייט מוז אימער זיגען (בייא קומען).

יאזעף, ליבער שאלאמאן, לאזין זייא אפ דער פון. דען עס פאסט גאר ניט פאר אייך דאס צו טאן, פיל בעסער, דאס מיר זאלין נור דורך אונזערע מעלות בעקומען וואס בעסערש אלס דורך מסירות, דען דאנאסעווען איז איין עלענדעס האנדווערק.

שאלאמאן, אוועק מיט דיזען שטאלץ, דען דיזעס איזט איינע דומהייט, ווארטין ביז דיא ערליכקייט וועט אליין זיך דער שלאגין צו איר רעכט, דאן אגוטין טאג ר' איד וועט עס איינע אייביקייט דויערין, ניין, דיא ווארהייט האט פיל מעהר רעכט צו טאן וואס פאר זיך מיט אלען מעגליכקייטען וואס נור ניט פערבאטען זיינען אלס דיא פאלשקייט, איין דאנאס איז נור אזוי ווייט נידעריג ווען ער ווערט געמאכט נור אויס נידעריגען גרינדען (אורזאכען), למשל אום צו ווערין בעלוינט דער פאר, אדער אום צו פערדריינגען איינעם אנדערין פון זיינער שטעלע אום נור דאס ער זאל איר בעציהען, ניט אבער אום זיך נוקם צו זיין אן איינעם אומזיסטען פיינד וואס האט מיך בייזעס גיטאן, האט בייא מיר מיין ברויט צו גינומען וויא דיזער זימאן האט מיך באהאנדעלט. מיך וואס איך וואר אים אימער גוט. אונ וואס ער האט נאך מיר פיל צו פאר דאנקען, אויף אים איז גיזאגט שוין דער פסוק «משיב רעה תחת טובה לא תמוש רעה מתוך ביתו» דאס הייסט קיין אומגליק זאל ניט וועיכען אונד ניט אויס מיידען דאס הויז פון דעם יעניגען וואס דינט אפ מיט שלעכטעס פאר גוטעס.

יאזעף, דיא תורה אבער זאגט דאך «לא תקום ולא תטור» דאס הייסט מען טאר זיך ניט נוקם זיין אונ קיין שנאה נאך טראגין.

שאלאמאן, גיוויס מיינט דיא תורה נור אזו איין פיינד וואס האט חרטה אויף דיא בייזעס וואס ער האט גיטאן, זאנסט גיפינען מיר פילע פסוקים וואס זאגין פאר קערט, צום בייא שפיל «אנקמה מאויבי חנם» איך וויל מיך נוקם זיין פון מיינע אומזיסטע פיינדע, בפרט נאך אזוא איינען גיפעהרליכען פיינד וואס איז אין בעגריף (ברעה) אונ אזו אויך





אין שטאנד נאך מעהר שלעכטעס צו טאן, ווארט נאך אווײלע וועט ער דיין פאטער אויך מאכען ברויטלויז (אן ברויט).

יאזעף, מען קומט, האלט מויל, מיר דוכט ער זעלבסט, לאמיר אים אויס מיידען, איך קאן זיין אנבליק ניט ליידען, לאמיר אוועק גיין פון דאנען.

שאלאמאן, ניין גראדע אומגעקערט, וואס הערין מיר אים, זאנסט וועט ער מיינען, דאס ער האט מיך שוין אויס גיהאט, איך אבער גייא דען איך שעהם מיך מיינע אויגען אים צו ווייזען, (יאזעף איז אוועק, שאלאמאן איז גיבליבען).

## צווייטער אויף טריט.

«זימאן אונ שאלאמאן»

זימאן, נוא וואס זאגט איר איצונד הער שאלאמאן? וואס האט איר אויס גיפירט געגין מיר, נון הייסט עס דאס איר זייט גיבליבען נור איין נאר אונ איין בעל עולה, דען איר זעט דאך איצונד אויס וויא איין לאזער דאנאסציק נור, אונ ווייטער ניכטש, אונ איר זייט נאך אזוא אונ פארשעמט צו קוקין מיך גלייך אין געזיכט?

שאלאמאן, געוויס, ווייל איך וויים דאס איך האב קיין ליגען גיזאגט אונ האב דער צו נאך איין רעכט עס צו זאגין, אונ וואס איך האב דער ווײלע ניט אויס גיפירט, איז דאס ניט מיין שולד, דען איר זייט איין גרויסער חונף, געניט אין בעטריגען, אונ האב אלזא ביז אהער נאך ניט געוואוסט וואס פאר אחיטרעץ איר זייט, זא וויא עס איז, הער איז נארבונע ניט דא, גאט איז דא צווישען אונז ביידען, איך האב קיין ליגען גיזאגט, איר זייט איין אונוויסענדער נור איין שמייכלער, אונ דער צו נאך איין בעזאוועסנער מענטש, אונ באסטע.

זימאן, אונ בייא אלעם זייט איר גיבליבען איין לאזער דאנאסציק אונ ניט איך, אונ נאך אין מיינעם לעבין האב איך ניט איין גישמוצט איינען שלוזאסצע בייא זיינעם פרינציפאל וויא איר האט מיך איינגישמוצט פאר דעם נארבוניע, מען האט אייך ענטזאגט פון אייער שטעלע, נור דארום פילייכט ווייל מען האט גיהאט איינעם בילכערין פאר אייך, אדער דורך איינע אנדערע אורזאכע, דען ניט פיר אימער בלייבט מען אויף איינע שטעלע, אזו אם וויינגסטען האט איר גידארפט דיינקען, אבער

ניט באלד איינען בלוטיגען פארדאכט איבער מיך צו מאכין, דאס דיזעס וואר נור מיין ווערק. אונ איך האב עס גיטאן אוים בייזען אבזיכט מיט אייך, דאס הייסט גאנץ נידעריג פון אייך געהאנדעלט. אונ דיזעס האט מען נאך פון מיר ניט גיזעהען, נוא וואס דיינקט איר איצונד?

שאלאמאן, וואס איך דיינקע? מאך איך אייך קיין געהיימנעס דער פון, זייט וויסען דאס איך בין גאר ניט ארונטער געפאלען פון דעם איצטיגען ניט אוים פירען מיינען, אונ ניט אויך אם מינדעסטען רויט גיווארין פון אייערע איצטיגע רייד, ביא מיינעם וויסען דאס איר זייט נאך פיל מער פאר דארבען אלס איך האב אויף אייך גירעט פאר דעם נארבוניע. איך וועל איינע צווייטע אונ דריטע פראבע אויף זיינעם הערצען מאכין, אונ האפע דאס איך וועל אייך אין קורצין אוים האבין, דען דיא ווארהייט מוז אימער זיגען (מנצח זיין), זיא גראבט וויא שטילע וואסער ביז זיא פינדעט איהרעם גראדען וועג

## דריטער אויף טריט.

«זימאן אליין»

זימאן, וויא איך זעה דא איצונד איין פון דעם שאלאמאנס רייד, איזט מיר דער מיכאל טראנזע אונד זיין זאהן יאזעף אויך ניט גוט, אונ קענען מיר אלזא פיל מער שאדען אן מאכען אלס דער שאלאמאן, דען זייא ביידע זיינען פיל קלינגער אונ מעכטיגער אלס ער. אלזא וואלט געווען פאר מיר אם גלייכסטען, דאס איך זאל פון דעם מיכאל טראנזע אויך לויז ווערין. דאס הייסט אוים צו ווירקען ביא דעם נארבוניע דאס ער זאל אים אפ זאגין פון זיינער שטעלע וויא דעם שאלאמאן. ליידער דארף איך עס דער ווייל ניט טאן ווייל זייא ביידע זיינען מיר נאך דער ווײלע הערכסט נייטיג. דעם פאטער (דער מיכאל טראנזע) ברויכע איך נאך, צו ליב זיינעם גוטען קאפ אונ זיינער געשיקטען פעדער, דען אלע וויכטיגע ארבייט טוט נור ער פאר מיך. אונ דער זון (דער יאזעף) דאס גלייכען איזט מיר איצונד אויך אם נייטיגסטין, דען ער איזט איין גישיקטער פערזען מאכער (לידער מאכער). אלזא ברויך איך אים איצונד דאס ער זאל איין שיינעם ליד אוים ארבייטין איצונד אום צו ערשיינען דער מיט אלס אייגענע ארבייט פאר דער מאדאם בלומע היינט צו אבענד וויא איך האב עס איר פאר שפראכין אלזא מוז איך מיך נאך גערולדען







איינגע טאגע, אונ נאכהער אלס איך וועל פון זייא ביידען מיינען לעצטין נוצען בעקומען דען באלד וויא איך ווער פערקויר אין דעם נייעם באנק דארף איך זייא שוין ביידען אויף כפרות. דען איך האב מיר שוין בעשטעלט איינען געהילפען וואס קען ביידע זאכען. דאס הייסט וואס איזט איין גישיקטער בוכהאלטער אונ איין גוטער דיכטער. דאן אגוטין טאג ר׳ איד, וועט מיר שוין דער מיכאל איבער אלע בערגען זיין. דאס הייסט ווערין ענטזאגט פון זיינער שטעלע, אונ וועל עס לייכט אוים פיהרען. דען דאן וועט ער מיר זיין שוין גאנץ איבעריג. אונ צו גלייך שעדליך אונ ניט ווייניגער אויך זיין זאהן.

## פערטער אויף טריט.

«מיכאל טראנזע אונ דער זימאן»

זימאן, גוט וואס איך האב אייך איצונד דא גיטראפין. דען איר זייט מיר איצונד וויא גירופין.

מיכאל, איך? צו וואס קענט איר מיר איצונד ברויכען?

זימאן, ווייל איך וויל מיך בעדיינקען מיט אייך איבער איינעם וויכטיגען געגענשטאנד.

מיכאל, איבער וואס?

זימאן, צוואר איבער איינע קליינניקייט, איך גלויבע איר מוזט עס שוין וויסען, מען האט גיוואלט אונז ביידען אין איינינג מאכין, אבער איך האף דאס עס וועט דעם יעניגען דאס עס וואלטע דיזעס ניט געלונגען, איך בין ביז הער גיוועזען אייך איין גוטער פריינד אונ פערבלייבע עס אויף אייביג, אונ האב עס בעוויזען שוין זייער דייטליך, אלס דער אונגזיניגער שאלאמאן האט גיוואלט מיך איין שווארצען ביא דעם נארבוניע.

מיכאל, וויא? ער דער שאלאמאן.

זימאן, יוא, ער האט אוים גירעט אויף מיך פאר אייך אלץ וואס אין קארט שטייט.

מיכאל, א, יא, עס קען זיין דען ער האט זיינע שטעלע פערלארען, אונ מוז אלזא מיינען דאס איזט נור אייך געשעהען, אלזא איזט עס אים ניט צו פערדיינקען, איך גלויבע דאס איר וואלט אויך ניט בעסער גיווען, ווען זייא העטין זייער שטעלע פערלארען, אונ העטין דער ביא גימיינט דאס ער האט שולד דערין.

זימאן, ניין ליבער מיכאל. דיזער שאלמאן, מוז זיין העכסט דום אדער העכסט פערדארבין ווען ער אזוי מיינט, דאס איך וואס האב אים אזוי פיל גוטעס גיטאן, זאל אים וועלין בייזעס טאן, ברויטלויז מאכען, דער צו נאך זאגט ער דאס ער האט גימיינט מיט דיזען אנשווארצען מיך פאר דעם נארבונען פיל מער אייך צו דינען אלס זיך זעלבסט, אונ וויא איך זעה איין האט ער אייך מיט דיזען אנשווארצען מיך פאר דעם נארבוניע פיל מער שלעכטש אלס גוטעס גיטאן, איך בין אייך פיל מער גוטער פריינד אלס ער. אונ פארשטייא צו גלייך אויך פיל בעסער פאר אים וויא אונ ווען אייך צו דינען ביי דעם נארבונען, אונ וויל מיך אלזא שוין מיט אייך זעלבסט דאריבער באדיינקען, דאס הייסט אייער שטאנד צו בעסערין. דען איר דויערטע מיך (האב רחמנות איבער אייך), אלזא הערין זייא וואס איך האב וועגין אייך אויס גידיינקט. וויא איך וויים דאס איר זייט איין מאן פון שטילען אונ רוהיגען כאראקטער. דאס איר זייט וויא צו זאגין גישאפין פיל מער פאר איין פראשטין אונבעקוועמעס לעבין, אלס פאר איין גלענצענדעס אונ רויסענדעס לעבין. דען וויא גיזאגט איר זייט פיל מער דיינקער אלס וועלט מאן, אדער לעבעמאן, אונ מיידעט אויס פון זעלבסט יעדין שטייגונג. קומט ביי מיר אויס דאס עם וואלט גיווען פאר אייך פיל גלייכער, צו האבין איינע בעשעפטיגונג אויף דעם לאנדע, אין איינער העכסט שיינע דאצע אלס היר דא אין דער שטויביגע אונ דומפיגע אונ צו גלייך לארעמדע בירא. אונ דער צו נאך מיט איינער פיל בעסערין אונ גרעסערין גיהאלט, אונ פיליייכט נאך איינען גוטען טיש דרבייא, זייא וועלין דארט אויך פיל גיזינטער ווערין. אונ אויך פיל פרייליכער זיין אלס היר דא אין שטאדט.

מיכאל. פערגעווים וואלט עם גיוועזין פאר מיר וויא גיבארין, אבער וואס פאר איינע ארבייט ווילין זייא מיר דארט אויף געבין, אונ דער ווייסט צו וועל איך זיין געוואקסען (שפאסאבנע) דער צו?

זימאן, א ליבער טראנזע, מאבין זייא זיך ניט אזוי פיל ארונטער פאר מיר, פאר מיר וואס איך בין שוין לאנג איבער צייגט אין אייער גרויסע פעהיגקייטין אונ וויים דאס עס איזט פאר אייך קיינע חומרא דא. דען זייא האבין מיך שוין פיל מער אלס איין מאל ארויס גיהאלפין מיט אייער גישיקטע פעדער פון מאנכען גרויסע פארלעגענהייטען. אונ האב אייך אלזא זייער פיל צו פאר דאנקען, איך גידיינקע עס אונ פערגעסע עס





ניט. אונ וויל דאהער ביי דיזער גליקליכע גילעגענהייט, דאס איך ווערע פראקורא אין דער נייע באנק, אייערע אומשטענדע אויך בעסערין.

מיכאל, דיא נייע באנק וועט דאך ערעפינט ווערין אין טוילען, אין דער שטאדט, אלזא וואס ברויכט איר מיך אויפין לאנד אין איינער ווילע?.

זימאן, בייא מיינעם וויסען דאס דארט וועל איך האבין דרייא מאל אזו פיל ארבייט אלס אין דער בירא, אונ נאך פיל שווערערע אלס היר, אונ וועל אלזא פערגעווים צו קורץ קומען מיט מיינער איינענע פעדער, וויל איך אלזא האבין אין אייך גיהיימען מיט ארבייטער (פאמאצניק) וואס זאל מיר פערפערטיגען אלע שווערע אויס שטיכע אונ באלאנסען. דען וויא אונטער אונז גיזאגט, איך וויל ניט דאס דער נארבוניע זאל וויסען, דאס איך האב איינען גיהילפען צו מיר, איך וויל דאס ער זאל מיינען, דאס נור איך אליין פיהרע אזוי ריכטיג אונ גישיקט דעם נייעם גישעפט. דאהער וועל איך איינע שיינע ווילע דינגען פאר אייך פאר אפאר וויארסט פון טוילען. אונ וועל אייך געבין איין דאפעלט גיהאלט אלס איר נעמט דא, איך מוז עס טאן. דען דיזע שטעלע דיא נייע איזט איבער אלע מענטשליכע קרעפטין. עס וועט זיין דארט ארבייט אונ בפרט נאך פיר מיך. וואס איך מוז נאך מאנכע אווענדען פרבריינגען מיט דער מאדאמע בלומע, אונ מיט דיא מאמזעל אגנעס וואס איזט צו האפין דאס איך זאל זיא מיט דער צייט הייראטען. אונ דיזעם קען אנדערש ניט אויס גיפירט ווערין. אזו דיינקע איך אם ווייניגסטען וואו איך זאל מיך ניט צייגען פריער דאס איך בין איין טיכטיגער גישעפטס פריער אלזא וויא איך זעה איין איז מיר דיזע נייע שטעלע פון פראקורא גיגעבין גיווארין אלס פראבע שטיק, אום צוא וויסען צוא האב איך פייהיגקייטען צו זיין איין גוטער באנקייא צו ניט, אונ דיזעם האט מיר אזו ווייט דער ווילע פערדרייט דעם קאפ דאס איך בין ניט אום שטאנדע צו פערפערטיגען אונ אויס צוא ארבייטען איינען שטאטייקע אן דעם פינאנס מיניסטער וועגין דיא פאלשע זילבער שיינען וואס האבין זיך פערמערט אים לאנד. עס דארף אים אין דיזער שריפט פאר גישטעלט ווערין וויא ווייט דיזעם שטערט דעם קרעדיט פון דער רעגירונג, אונ וויא ווייט עס שטערט דעם גישעפט, אונ דער צו נאך מוז אין דיזער שריפט פאר גילייגט ווערין קלוגע פראיעקטען וויא עס איין צו האלטען, דיזעם

אלעס מוז געשריבען ווערין קורץ אונ בינדיג (שוואזנע) אבער העכסט קלוג אונ העכסט אומזיכטיג (אשטראזנע), אונ דער צו איזט מיין קאפ איצונד גאר ניט גישטימט, דען איך בין פערנומען מיט פיל אינטערעסען פון דער נייען באנק, אונ נאך מער מיט דעם ראמאן וואס עס שפינט זיך צווישען מיר אונ דיא אגנעס, איין ראמאנס וואס קען מיך ווען עס זאל מיר נור גליקען פאר איינען מיליאנער מאכען. אלזא וואלט איך איצונד פון אייך פערלאנגען, דיזע ארבייט איבער נעמען אויף זיך, איך וויים דאס איר וועט עס גוט בעארבייטען. אונ איר דארפט עס מיר טאן אזו פיל מער פיר אייערין אייגענע טובה אלס פיר מיין טובה. דען ווען איך נור פראקורע, אונ דער צו נאך איין איידעם פון דעם נארבוניע דאן זייט איר פערזארגט מיט איינעם האנעראווען ברויט צייט איר וועט לעבין.

שאלאמאן. איך וועל עס אייך מיט פריידען מאכען, אונ גיט נור צו ליב דעם נוצען פון אונז ביידען וויא איר האט מיר ערקלערט. גיין וויא דיא ווארהייט גיזאגט, נור אום אלגעמיינעם וואויל (טובות הכלל) דען שוין לאנג האט מיר מיין הערץ גיקלעמט צו זעהען, וויא עס ווערט מיט דיזען פאלשען זילבער שיינען (סיגנאציעס) גאנץ אפען גישאכערט (גיהאנדעלט) וויא מיט איזט איינער ראיעלע וואהרע (סחורה), אונ דיא רעגירונג טוט קיין טריט אום עס צו פארוועהרען, אונ לויט רעכט האט מען זיך גידארפט ווענדין צו דעם מיניסטער וועגין די גרויסע באנקראטין וואס האט אין דיזע צייטען איינגעריסען אים לאנדע אונ בלייבען גאנץ אונבעשטראפט, אונ עס איז שוין אזו וייט גיקומען, דאס דאס וועקסעל רעכט האט שוין גאנץ אונ גאר פערלארען איהרע קראפט, דאהער דאס צו טרויען גישטערט, אונ דער גישעפט ווערט איין גיהאלטין, אונ דיזעם איזט ניט ווייניגער שעדליך צו דער מדינה אלס דיא פאלשע זילבער שיינען.

זימאן, א מיין בעסטער, זייא זיינען צו ערליך אונ צו ראיעל, אום איין רעכטער גישעפט פריער צו זיין, אונ איר מוזט אלזא שוין פיר אימער נור איין גוטער גישעפט גיהילפע פארבלייבין, אדער קיין פראקורא, מען זעהט עס אייך אן אייער ערליכען גיזיכט, אונ דאהער קענט איר שוין נימאלס האפען אויף איינען שטייגונג צו פערלאנגען רעכטליכקייט אונ בראווהייט פון איינעם קויפמאן איזט קיינע ווייניגערע דומהייט אלס וויא צו פארלאנגען צניעות פון איינעם פריידען מיידכען.





ניט פארגעסט ליבער פריינד ווער דער גאט דעם קויפלייטע איזט, דער מערקור *) וואס איזט צוא גלייך דער גאט פון דיא דיבען (גנבים), אויך דער בן סירא דריקט זיך אויך ניט בעסער אויס אין זיין ספר איבער דיא קויפמאנשאפט, ער זאגט אין אים "כיתד בין אבן לאבן כן הרמיה בין הקונה למוכר" וויא איין נאגיל האלט זיך פעסט נור צווישען צווייא ציגעל, אזו האלט זיך פעסט דער טרוג אונ ליג צווישען דעם קויפער אונ פארקויפער. אונ ניט בעסער דריקט זיך אויס דיא היילגע שריפט (כתבי הקודש) איבער דעם "כנען בידו מאזני מרמה" דער קויפמאן מיט פאלשע שאלען, דיא אגנעס האט גיזאגט דאס איין יאר מארק איזט אזו איין פלאץ נור וואס מען האט אפ גירעדט צו קומען אהין אום נור צו בעטריגען איינער דעם אנדערין, אלזא איז קיין וואונדער דאס עס וואר ביי דיא

*) ביי דיא אלטע גריכען וואר ביי זייא אלס זייא וואהרען נאך היידען (געצין דינער) מערקור דער גאט פון קויפלייטע, פון דיבע (גנבים) פון ליגנער, אונ דאס גלייבען, ער וואר גימאלט אלס שיינער יונגער מאן וואס שטייט אויף איינעם קוגעל (באל) אונ דאס אויך אויף איינעם פוס נור, אונטען ביי דיא קנעכלאך פון ביידע פיס זיינען צוא גיוואקסענע פליגעלאך, אונ דאס גלייבען זיינען דא צווייא פליגעלאך ביי זיינעם העלעם (הוט) פון ביידע זייטין קאפ, אין איינער האנד האלט ער איין שטעקיל מיט צווייא פליגלען אונ אין דער אנדערער האנד אבייטיל געלד, אלץ רמזים אויף שווינדעל אונ טרוג, אין דער גמרא עבודה זרה קומט דיזער מערקור פאר אונטער דעם נאמען מרקולים, אונ זאגין אויף אים "שיקרא אחדא כרעיה קאי" דיזער ליגען גאט שטייט נור אויף איין פוס, אונ וייל ער וואר אויך ביי זייא דער גאט פון דיא וועגין (שטראזען) פלעגין דיא רייזענדער קויפלייטע צו ווארפין צו אים יעדען שטיין וואס מען האט גיפונען ליגענדיג אויף דעם וועג, אונ דער מיט האט מען אים גידינט, אונ דאהער זאגין אויך אונזערע חכמים "כל מי שמלמד תלמיד שאינו הגון כאילו זורק אבן למרקולים" דער וואס לערנט מיט איינעם צו לאזנעם תלמיד בעגייט אזו אגרויסע זינד וויא ער וואלט גיווארפין אשטיין צו דעם מרקולים, דאס איזט גימיינט, דאס זעלבסט ווען מען איזט אויסען מיט דעם ווארפין איין שטיין צוא אים, אום נור צו מבזה זיין אים דער מיט, דאס עס שיינט דאס מען בעגייט דער מיט איינע מצוה, אונ באמת איזט עס נור איינע גרויסע עבירה "שעבודתו בכך" וייל ער ווערט אזו גידינט פון דיא גלויבען אין אים, אזו איזט עס אויך דער פאל מיט דעם לערנען איינעם פערדארבענעם תלמיד, דאס ווען אויך מען מיינט צו טאן דער מיט איינע מצוה איזט עס גראדע איינע גרויסע עבירה, נון הייסט עס מצוה הבאה בעבירה.

אלטע שלאוויאנער, אזו אויך ביי דיא פאליאקען איינע גיזעצע. דאס יעדערער שלאכציץ וואס האט נור גיהאנדעלט האט פאר לארען זיינע שלאכעטצווא, אלזא מיין בעסטער זאל עס בלייבן ביי דעם אלטען, שרייבין זייא נור איבער דיא פאלשע זילבער שיינען. אונ ווייטער לאזין זייא ליגען אונ טרינגען וויא ביז אהער.

שאלאמאן, אלזא מיין פריינד, איך ערגעבע מיך אייערעם ווילען, אונ שרייבין נור וויא זייא בעפעהלין, געדולדין זייא זיך נור איינע שטונדע אונ זייא האבין עס פיקס אונ פערטיג.

זימאן, גוט איך וועל דא פארבלייבן ביז זייא עס צו פארפערטיגען נור אום גאטעס ווילען עס דארף קיינער וויסען, דאס איהר האט עס גישריבין מען מוז דורך אוים מיינען, דאס נור איך זעלבסט האב עס אב גיפאסט, אונ זייא זיינען שוין אזו גוט וויא שוין בעלוינט פון מיר.

שאלאמאן, מיינע בעסטע בעלוינונג איזט צו צייגען איינעם פריינד מאנכע גיפעליקייטען, בלייבין זייא היר זיצען, באלד ווירד היר מיין זאהן דער יאזעף קומען, דא וועלין זייא קענען זיך אונטערהאלטין מיט אים, דען ער איזט איין גוטער געזעלענשאפטער, אבער דער ציילען זייא מיר אים אויך ניט פון דיזעס גישיכטע, ער איזט אייך צוואר גוט, דאך דארף קיין דריטער וויסען דער פון.

זימאן, א איר זייט איין העכסט בראווער מאן, עס איזט אייך אן צו טרויען אלע גיהיימניסע אונ דער צו דעם גרעסטין שאץ אין דער וועלט נון טוט מיר לייד אום אייך, דאס איר ווערט ניט בענוצט צו וואס בעסערס אלעס גיהילפע (פאמאצניק) אין אבירא איר האט גיקאנט זיין דער בעסטער שטאאטס סעקרעטאר, אט אזו ווערין אין דער וועלט פארלארין אונ פארשלאפין גרויסע טאלענטע וועהרענד דיא קליינע גלענצען אונ שטראהלען.

פינפטער אויף טריט.

«יאזעף אונ זימאן»:

יאזעף (גירירסט דעם זימאן מיט איינער מינע פון פארשטעלטע פריינדשאפט), וואס מאכין זייא בעסטער? אונ וואס איזט עס מיט אייך דאס מען זעט אייך אזו זעלטין.





זימאן, העטען זייא ליבער יאזעף גיוואוסט וויא ווייט איך בין איבער הויפט מיט ארבייט וואלטין זייא שוין מיר ניט גימאכט דיזע פראגע, צוואר איך ווער גוט בעלוינט דער פאר, אבער עס בענעמט מיר מיינע גאנצע צייט, דאס עס קומט מיר ניט אוים אזו גאר איינע פרייאה שטונדע צו בעזוכען אייך, זאנסט וויא פאר שטייט איר זעלבסט וואלט איך שוין ביי אייך מער אלס איין מאל גיוועזין, נון וויא גייט עס מיין בעסטער, איך זאג אייך גאנץ אויפריכטיג מיין פריינד, דאס איך וואס וייש אונ פארשטייא וואס פאר איין טאלאנטענער אונ בורלאנטענער יונגער מאן איר זייט, אונ ביי אלעם דעם זייט איר נור לייטענאנט (פארוצניק) בעדויערע איך אייך ניט ווייניגער אלס אייער פאטער, עס טוט מיר לייד אום דאס איר זייט אריין אין מיליטער שטאנד וואיעגע שלוזבע, דען איר וואס איר זייט איין גרויסער דיכטער (פאעט) אונ אזו איין גרויסער בעלעטריסטיקער (מליץ), האט איר גידארפט בעסער ווייען פאר אייך דעם גילערינטען שטאנד, אונ דאן וואלט איר גיגאלטין אין דער וועלט פאר דעם גרעסטין פארפאסער (מחבר) אונ איר וואלט אייך גימאכט איין שם עולם מיט אייערע חבורים וויא איין האמער, וויא איין ציצעראן. דאך אבער פארזאמען זייא ניכט, זייא זייגען נאך יונג אונ דער צו נאך פיל מער דרייסט אלס אייער פאטער, דיא וועלט וועט אייך נאך דער קענען אונ וועט אייך לוינען נאך אייער ווערט, אונ איך האב היינט אויך פילעס אונ לאנגעס גישפראכין וועגין אייך מיט איינער וויכטיגען פערזאהן, איך מיין עס מיט דער מאדאם בלומע איך האב אייך פארגעטערט פאר איר, אונ האב איר אלזא זייער גוט גישטימט פאר אייך.

יאזעף, אונ וויא אזו זיינען זייא גיקומען צו רייד וועגין מיר?

זימאן, דיא מאדאם בלומע האלט זיך פאר איינע גרויסע קענערין, פאר איינע פאעטקע, איך וויים אפילו ניט וויא אזו זיא קומט גאר צו אזו איינער הויכען מיינונג פון זיך, אונ אן חאניפעריא פעלט איר ניט, דען זיא איז דאך דיא מוטער פון אונזער פרינציפאל, מען צו רייסט זיך לייבענדיג איהרע פערזען (פיעסנעס) וואס זיא מאכט, וויא צווישען אונז גיזאגט טויגען זייא אלע אויף דעם פייער, אונ אלס זיא האט היינט מיט מיר זיך בעשפראכען היינט מארגענש איבער אלע היזיגע פאעטין, אונ האט דעם גרעסטין טהייל פון זייא מער גיטאדעלט, אלעס גילויבט, האב איך שוין גיהאט דער ביי איינע גוטע גילעגענהייט פאר צו שטעלין אייך

פאר איר אלעס איינען גיפייערטין פאעט, אלזא מיין בעסטער, איך האב פאר אייך דעם ערשטין שריט בייא איר גיטאן נון טוט איר דעם צווייטען, מאכין זייא איהר אומגיזאמט איינע עהרען וויזיטע, אונ פארגעווים דא זיא איין מאל ווייס דאס איר איין פאעט זייט וועט זיא אייך שוין צייגען איהרע פיעסנעס וואס זיא האט גימאכט, זאלט איר דאן ניט קארג זיין מיט אייערע בעלויגונגען, רימט עס אין הימעל, אונ דאן בלייבט זיא אייך איינע פריינדין פיר אימער אונ וועט אייך הויך קאמענדירען בייא אייער גענעראל וואס פאר קערט צו איר זייער אפט, דען וואס נאך אין דער וועלט קען אזו איינעם חאנפענעם אלעס דעם בלייבען זיינע אפארפאסונג אונ פשיטא שוין ווען איינע דאממע איזט דיא פערפאסערין, וואס זיא איז דאן דיא אייטעלקייט דער אייטעלקייט, אונ אוים דיזען גרונדע האב איך גיוואלט אייך אויף זוכען אונ עס אייך זאגען, דאס זאל גישעהען ניט שפעטער אלעס אין איינער וואכע, אלין זיא וועט ווערין גאנץ הער גישטעלט (גיזינטער) פון איהרען קאטאר, דער וייל וואלט ניט גישאדעט דאס איר זאלט שוין היינט אוים ארבייטען איינינע קורצע פערזען, וואס זאלין שטארק ריכען (שמעקין) מיט דער ראמאנטיק (ליבע), אונ צו שיקין עס דורך מיר צו דער אגנעס, אום זיא זאל עס זינגען אונ שפילען היינטיגען אווענד פאר איינע אוים ערוויילטע גיזעלענשאפט וואס וואהרען צו איר גילאדען, נור בלויז צו האבין איינע גילעגענהייט צו צייגען זיך פאר זייא מיט איהרע טאלענטע אין זינגען אונ אין דער מוזיק, דען זיא וואר דאך ביז אהער נור אויף דעם לאנדע, זיא האט אזו גאר מיך גיבעטין דאס איך זאל עס מאכין, איך האב עס אזו גאר פערשפראכין, איך בין אבער בעלאסטעט מיט זייער פיל ארבייט, אונ דער צו נאך מיט שווערע ארבייט אוים צו ארבייטען נייע פראיעקטע פאר דיא נייע באנק פון וועלכע איך דארף ווערין פראקורע, אונ בין אלזא איצונד גאנץ אונ גאר ניט גישאפען צו פערזען מאכעריא, זאנסט וואר עס בייא מיר נור איין פעדער שפיל, אלזא מאכין זייא עס אונ איך וועל עס איהר געבין אין אייער נאמען, עס וועט אייך בייא איהר גרויסע אכטונג פערשאפען, אונ איך וועל דער בייא דיא פריידע האבין צו בעווייזען איהר דאס איך האב וואהר עס פון אייך גישפראכען ;

יאזעף, אונ איך ברויכע עס ניט צו מאכין, ווייל איך האב עס נאך פון געסטערין גימאכט, זייענד אין דער מיינונג עס זעלבסט אב צו





שיקען איהר, נון האב איך עס בייא מיר אונ קען אייך שוין דינען דער מיט, (אונ האט עס אים גלייך אב גיגעבין).

זימאן, אונ איך גיב דאס אפ אין אייער נאמען.

## זעקסטער אויף טריט.

«זימאן טריפלער, מיכאל טראנזע. אונ זיין זאהן יאזעף טראנזע».

מיכאל, דא האט איר דאס מיין פריינד אבער ריינען מונד גיהאלטין, (דאס הייסט גאר ניט דאבטען קיינעם דער פון) גיט איהם גאנץ גיהיים דאס פאפיר וואס ער האט גימאכט פאר אים.

זימאן, א צו וויים איך צו שווייגען (שטעקט ארין וואס צום גיבסטען דעם גיגעבענע פאפיר אין דיא טאשע אונ זאגט צו מיר ווייטער) איך דאנק אייך מיין פריינד, זייא האבין מיר מעהר אלס איינע פערטיל שטונדע צייט גישיינקט, אונ דיזעס איזט בייא מיר איצונד אויך אקרן, דען איך בין איבער הויפט העכסט מיט ארבייט, אלזא איך בעדאנקע מיך בייא אינען, אדיו, דען מען ערווארטעט מיך בייא דעם מיניסטער (געהט אב טאפענד מיט ביידען הענדען אין זיינע ביידען ראק טאשען).

## זיבענטער אויף טריט.

«פאטער אונ זאהן, דאס הייסט מיכאל אונ יאזעף».

מיכאל, נוא מיין קינד דיזער איזט דער מאן וואס דוא האלסט אים פאר איין פאלשען, פאר איין אינטרעגאנט, אונ דאך איזט מיר נאך קיינער אזו גוט גיוועזען צו טאן אלס ער.

יאזעף, אונ פון וואנען ווייסט דוא דאס ער איזט דיר ווירקליך אזו גוט וויא ער דיר שיינט? פון זיינעם וייכען מונד (זיסע ווערטער) זאלסט דוא גאר ניט שליסען, ער טוט עס נור פילייכט ווייל ער ברויכט דיין טובה איצונד אדער פילייכט נור אום איינצו שלעפערין דיר מיט דיזע זישע צויבער ווערטער זיינע אום דוא זאלסט ניט מערקען וויא ער וועט דיך אומגליקליך מאכען.

מיכאל, אונ איך מיין קינד קען ניט אזו שלעכט דיינקען פון דעם צווייטען וויא דוא, דיא וועלט איז נאך ניט אזו פארדארבען וויא דוא מיינסט.

## אכטער אויף טריט.

„דיא פארינע, אונ דער שאלאמאן צעדער“.

שאלאמאן, גוט וואס איך האב אייך מיכאל'ען היר אנגיטראפען, דער פרינציפאל אייערער דער נארבוניע וויל אייך בעזוכען, אונ דיזעם איזט נור ווייל איך האב פיל גוטעס איבער אייך גישפראכין פאר אים, אונ דיזעס איזט אים טיף אין דיא נאז אריין, דען איך האב עס אזו פארשטאנען פון זיינער מינע, אונ דיזעס האט דעם זימאנען גאר ניט גוט גישמעקט.

יאזעף, אלזא ליבער פאטער, ביזט דו דאך שוין העכסט גליקליך, דען פאר גיוויס מיינט ער דאך אנצו טרויען דיר אזוינע פיל בעסערע אונ גרעסערע שטעל אלס דוא בעקליידעסט ביז איצונד.

מיכאל, א יונגער מענטש, שוין גליקליך, דוא זעהסט מיך שוין אן אלס פראקורא, אונ איך זאג ניין עס קען גיבער זיין פאר אלין דאס ער האט וואס נייטיגעס ביא מיר צו פרעגין, דען דאס גליק האט נאך נימאלס איין גיקערט צו דעם יעניגען וואס ערווארטעט אים, אונ ווייל ער איזט מיר אם נייטינגסטען, וועט ער מיר גיוויס אויס מיידין.

שאלאמאן, ניין ליבער מיכאל, זאגין זייא עס ניט איך בין ניט אזו לייכט זיניג וויא איר מיינט, איך ווייס גיוויס דאס דער נארבוניע האט שוין פיל בעסערע מיינונגען פון אייך אלעס ער האט ביז אהער גיהאט, אונ אזו אויך אומגעקערט פיל שלימערע מיינונג פון דעם זימאן ער איזט העכסט טיף גיזונקען ביא איהם אונ איזט שוין אלזא גאנץ נאהענט פון זיין פאל (מפלה) נור איצונד. וויל איך נאך ניט ריידין דער פון, דער נארבוניע האט היינט גישיקט פרעגין אייך צו הויזע, נון האט מען גיזאגט דאס איר זייט אין בירא (קאנטאר) אלזא וועט ער שוין באלד דא אויפזוכען אייך, א וויא איך לעבע, זעהעט, דא איזט ער שוין דען ער גייט אהער מיט גישווינטע שריטען (טריט) (דער שאלאמאן איזט וואס צום גיכסטען פארקראכין הינטער איינען גרויסען ביכער אלמער אום ניט גיזעהען צו ווערין).

## ניינטער אויף טריט.

„נארבוניע אונ דיא פארינע“.

נארבוניע, הערר מיכאל טראנזע, איך קום איצונד אהער נור אום





צו זעהען זיך מיט אייך, איר זאלט וויסען דאס איך האב אין דיזע טאגען מאנכע פאפירין פון אייך גילעזין וואס האבין מיר איינע פיל בעסערע מיינונג פון אייך גיגעבין, איך מאג אייך זאגין אין אויג דאס נאך האב איך אזו וואס שיינעס ערהאבענעס אונ צוא גלייך נידריגעס (גילייטערטעס) אונ בינדריגעס (שוריאזנאסין) אין מיינעם לעבין ניט גילעזין, אלזא טוט מיר העכסט לייד דאס איך האב אייערע נאלדענע פעדער ביז אהער צוא וואס בעסערע ניט בענוצט, דער צוא נאך האב איך דא אונליינגסט (ניט לאנג) גיהאט גינוג גילעגענהייט צו הערין דאס איר זייט איין העכסט בראווער מאן פון גוטען כאראקטער, העכסט בעשיידען (סקראמנע), אלזא מיין הער איצונד האבין זיך דיא גישעפטין מיינע זיך פיל פארגרעסערט אונ דער צו נאך איין עטוואס אין איינער פארווירונג אריין גיפאלין ווייל זייא ווארען גיפירט דורך איינע אונגעשיקטע האנד, איזט מיר איצונד אזו אמאן וויא איר זייט אם נייטינגסטען אום ביא צוא שטיין מיר אין מיינע גישעפטין מיט זיינעם קלוגין ראהט אונד טהאט, דאהער מיין בעסטער, ווען עס אייך בעליבט איזט צוא פאר בלייבען ווייטער ביא מיר אין דינסט באט איך אייך אן שוין איינע פיל גרעסערע שטעלע אלס איר האט ביא מיר ביז אהער גיהאט, איינע שטעלע וואס וועט זיין פערבונדען מיט גרויס גיהאלט אונ מיט עהרע, איך וויל דאס איהר זאלט זיין מיין גיהילפע, מיין קאנטראלער, מיין אדוואקאט, אונ צו גלייך אויך מיין ראט געבער אין מאנכע שווערע פעלען, דען איך זעה אויך איין פון אייערע פאפירין וואס איך האב גילעזין דאס איר זייט איין מאן פון גרויסע איינזיכטען (קלוגהייט).

מיכאל, א איך העטע אזו איינע גרויסע עהרען שטעלע מיט פריידין אן גינומען פון אייך ווען עס וואלט אין דערווירקליכקייט אזו גיוועזין וויא אייער מיינונג איז איצונד פון מיר.

יאזעף, הער נארבוניע, הערין זייא ניט מיין פאטער, בלייבט ביא אייער גוטען מיינונג פון איהם, איך פארזיכערע אייך מיין הער דאס ער איזט נאך פיל מעהר אלעס אייער באגריף פון איהם, דען ער איזט צוא בעשיידען (צו סקראמנע) אונ ער פארזינדיגט זיך דער מיט געגין זיינע ארעמע פאמיליע וואס לעבט דורך דיזעס אין איינע גרויסען נויט.

נארבוניע, דאס איזט אלזא איר זון הער נארבוניע?

מיכאל, יא.

נארבוניע, אלזא דער יאזעף טראנזע וואס מיינע מוטער אונ טאכטער האבין היינט אזו פיל גוטעס פון איהם גישפראכין?

יאזעף, אזו אייער מוטער אונ אייער טאכטער, דיא שיינע אגנעס האבין זיך דער מאנט אן מיר.

נארבוניע, נון פרייט מיך צו קענען אייך פערזענליך, ליידער דאס מיר מענטשין פון שטאנד אונ פון ראנג (פון גרויסען גראד) זוכען אויף נור דיא ניכטיש ווירדיגע, דיא דומקעפ (דוראקעס), דיא הייכלער (חנפים) אונ דער וויסען זיך אונז פון דיא גישיקטע אונ פייהיגע (שפאסאבנע) לייט דורך איינען בלינדען צו פאל נור. נון איזט אימער צו לייגען אויף אונז דעם פסוק פון קהלת "כי מרפא ינוח חטאים גדולים" איינע קליינע נאכלעסיגקייט (אבגעלאזענהייט) פאר אורזאכט (מסבב) גרויסע מענגעל (פעהלער) "נתן הסכל במרומים רבים" דער אונוויסענדער (דוראק) ווערט דורך דעם פארזעצט אין דיא העכסטע גראדען, "ועשירים בשפל ישבו" אונ דיא וואס זיינען רייך אין זייערע טאלענטע בלייבין זייא זיצען גאנץ נידעריג, ליידער איזט עס אבער אזו איינע שוועכע (סלאבאסט) פון דיזען פאר נעהמען לייטין וואס מען ליידעט נאכהער זייער פיל דער פון, אונ ליידער האב איך זעלבסט דיזע אונגליקליכע ערפאהרונג גימאכט, צו מיינעם גרויסען אונגליק, אזו גייט עס אימער דאס דער פאר שטאנד קומט אימער צו שפעט וויא דיא פאזארנע ראטע.

מיכאל, אלזא מיין הער אייער גוטער ווילן זאל גישעהען, איך שטייא אייך צו דינען מיט קאפ אונ הערץ.

נארבוניע, נון פרייעטעס מיך העכסט אונ לאדע אלזא אייך ביידען אין היינט צו דיזען אבענד, איהר ווערט דער וויסען ביי מיר אם הויזע איינע אנגענעהמע גיזעלשאפט, אונ איר ביידע וועלין אלזא העכסט גוטע געסטע זיין ביי מיינער מוטער אונ ביי מיינע טאכטער, אונ דאס גלייכען ביי מיר זעלבסט.

מיכאל, מיר דאנקען אייך ערגעבינסט פאר דיזע עהרע אונ פאר דיזע פריינדליכקייט.

יאזעף (פאר זיך), אונ איך וועל אלזא באלד זעהען דיא אגנעס.

שאלאמאן, (דער וואס האט דאס אלעס גיהערט פון אונטער דער שאף, אונ וואס ווארט אויסער זיך פאר פריידע איזט ארויס פון זיינעם פערשטעקין אונ האט זיך פאר גישטעלט פאר דעם נארבוניע).

נוטען טאג הער נארבוניע, אלזא מיין הער דא איך ווייס שוין דאס





איר זייט שוין אויף דעם רעכטין וועג צו אונטער שיידען צווישען דעם מיכאל אונ דעם זימאן טריפלער, דען איך האב זיך איינגיהארכט אין דעם פארצימער אייער גאנצין גישפרעך אונ בין שוין אלזא ביי אייך קיין לאנגער דאנאפציק וויא איהר האט פריער גימיינט געהמע איך מיר שוין דאס רעכט צו בעענדין איצונד מיינע פאריגע אנקלאגע אויף דיזען דוראק דעם זימאן.

נארבוניע, נוא וואס?

שאלאמאן, זייא גידייענקען מיין הער, זייא האבין פאר לאנגט פון מיר טהאט זאגען דאס דער זימאן טריפלער איזט ווירקליך איין פאר דארבענער מענטש, איין צבויאק דאס הייסט פערמאסקירט, נון קענין מיר עס אייך איצונד גאנץ קלאר בעווייזען, ער דער זימאן, פלעגט זיך אימער צו בערימען פאר אייך אונ פאר אייער מוטער, דאס ער ברייגנט אוים זיין גיהאלט נור אויף שטיצען זיינע מוטער אונ זיינע ארעמע פאמיליע אונ איצונד אלעס עס איזט צו אים גיקומען זיינער איין ארעמער פעטער זיך צו פער העלפין, אדער צו פאר זארגען אים מיט איינער קליינע שטעלע, האט ער אים פורט געיאגט פון זיך וויא איינעם גימיינעם בראדיאגע, אונ ניט בעסער בעגייט ער זיך זעלבסט מיט זיינער ארעמע מוטער.

מיכאל, ניין ליבער פריינד, איר זאלט עס ניט זאגין, דיזער פעטער זיינער ווער אוים גיהאלפין פון איהם פיל מעהר אלעס ער אום שטאנדע איזט אוים צו העלפין איינען ארעמען פערוואנדטין אונד איזט אוועק פון איהם העכסט צו פרידען.

נארבוניע, עס איזט אזו ליבער שאלאמאן, דאס זיין פעטער ווער רעכט בראוו בעהאנדעלט גיווארין פון אים, דען מיינע מוטער זעלבסט ווער ביי דעם גישפרעך פון דעם זימאן מיט זיינעם ארעמען פעטער, אונ עס ווער גאנץ היבש אונ גאנץ פריינדליך.

מיכאל, בעסטער שאלאמאן, מעסיגען זייא איהרען צארען געגין איהם.

שאלאמאן, אזו הער מיכאל, אויך איר זאלט נאך וואס גוטעס פון איהם ריידין?

נארבוניע, אונ גראדע דערום גיפעלט מיר דער הער מיכאל פיל מעהר אלס איר אונ אזו אויך דער זימאן וואס האט פיל גוטעס פון אייך גישפראכין פאר מיר, דאס עס האט מיר גיפרייט צו האבין ארום מיך

אזעלכע לייטע וואס פאר שטייען צו שעצין אונ צו עהרען זיך איינאנד, אונד איר שאלאמאן זייט עס ליידער ניט, דען איר רעט דאך אוים אויף דעם ארעמען זימאן אלעס וואס אין קארט שטייט, אונ האב אלזא דאהער איינע העכסטע מיינונג פון איך בעקומען.

שאלמאן, (פאר זיך) עס איז ניט צום אוים האלטין — מען מוז אבער גידולדין.

נארבוניע, אונ גראדע דורך דעם וואס איר רעט אויף אים שלעכטעס, וועהרענד ער רעט נור גוטעס פון איך הייבט ער (דער זימאן) שוין אן צוא ווערין מיר גיפעלין פון מינוט צוא מינוט. דען דיזעס איזט מיר איין געווימער בעווייז אויף איינעם ריינען כאראקטער, אונ ווער אלזא דעריבער אלין מער געניינטער צוא אים אונ דיינק אזוי נאר צו פערבינדען מיך מיט איהם פיל פעסטער אלעס ביז העד.

יאזעף, (איין צוא קאכטער) וויא אזוי?

נארבוניע, מיינע מוטער האט געוויסע פלאנען, וואס איך שטימע אויך איין אויף זייא, דער ווילע אדיו מיינע הערין. אונ פערזאמען זייא זיך ניט צוא קומען צו מיר צום אבענד צוא דער רעכטער צייט, (ער גייט אפ):

# צענטער אויף טריט.

## "דיא פארינע אן דעם נארבוניע"

יאזעף, אלזא איז דאך שוין געווים דאס איך וועל איר (דיא אגנעסין) זעהען אונ אויך מיט איר שפרעכין אבער צוא וואס וועט מיר דיזעס אלעס פיהרען, ווען דיא מוטער איז גוט דעם זימאן, אונ וויא איך האב איצונד גיהערט פון דעם נארבוניע איז ער אויך אים העכסט געניינט. אלזא איז שוין דיא זאכע געווים דאס דיא אגנעס וועט זיך פערהייראטהען נור מיט דעם זימאן טריפלער.

מיכאל, נון שאלאמאן, דאס הייסט היינט וואר איין גליקסטאגע, ניכט וואהר.

שאלאמאן, יא פאר איך ווארום עס איז ווירקליך איין גליקס טאג, אבער ניט פאר מיר.

מיכאל, עס וועט מיט איך אויך פיל בעסער ווערין. דען אלעס מוז אין דיינער קאלייע אביין, אונ דוא (צוא דעם יאזעף) מיין זון בעטראנגע





דיך דארט רעכט גישייט, בעזאנדערס אין דעם בייא זיין פון דעם נארבוניע, פערנעס ניכט.

יאזעף, פאר מיר זאלסטו אם מינדעסטין ניט זארגין, נור זייא דוא מער מענטש אין דיזע זאכע, אום ניט צו שפילין ווייטער דיא ראלע פון אשלימעזאלניק אין דער בירא, דאס הייסט וויא פון איינען איינגיבעטענעם וואס מען האלט אים נאר אוים מיטלייד וויא דוא האסט ביז העד גישפילט.

מיכאל, גוט מיין זאהן, מיר דארפין איינער דעם אנדערין פאלגין, אונ איר מיין פריינד שאלאמאן, פאלט אויך ניט אראפ בייא זיך, רעכינט אויף מיך, בין איך נאר אויף דעם נייעם ארט אין שטעלע קען איך שוין פאר איך אויך וואס גוטעס טאן, (ער גייט אוועק).

# עלפטער אויף טריט.

## "יאזעף אונ שאלאמאן"

שאלאמאן, נוא וואס זאגט איר צוא אייער פאטער, דאס ער האט מיר צום ליגנער גימאכט פאר דעם נארבוניען, אונ האט נאך זיך אן גינומען פאר דעם סעלמא זימאנקע טריפלער?

יאזעף, פון וועמען רעט איר דא פון מיינעם פאטער, נאך קענט איר אים ניט? דיזער מענטש איז פייהיג אונ פערטיג צוא קוסין דיא האנד פון זיינעם אייגענעם בלוט פריינד, אונ צוא שיצין אים מיט וואס נור מיגליך איז, צוא זיינען איינגענעם שאדין, וויא דער פאל וואר איצונד מיט אים, דען ער האט מיט זיינעם זאסטופייען פאר דעם זימאן טריפלער גישאט פיל מעהר אלס דיין איינענעם זאהן (אלעס איך), דען עס האט דער מיט זייער פיל גיווירקט אויף דעם נארבוניע, דאס ער זאל זיינע טאכטער פערהייראטהען מיט אים, זעלבסט בייא זיינעם וויסין דאס איך בין אין דער אגנעס שטערבליך פערליבט, נון גיזאגט דאס איך בין פילייכט ווירקליך ניט געגונווירדיג צוא האבין איר פאר איינע פרויא, דאך אבער האב איך דאס רעכט צוא זיין בילבער אלעס ער, איך וועל עס ניט איבער לעבין.

שאלאמאן, פערצייהעט, נאך האט דיזער זימאן טריפלער דיזע אגנעס אלס איינע פרויא נאך הויז געפידערט, עס איז אים נאך פילעס צוא טאן אום דיזען שריט, וויא מיר שיינט וועלין מיר נאך אין דיזען אבענד פילע נייעס ערלעבין, דען דער נארבוניע האט אים אויף גיגעבין איינען

צוא הארטין נוס צוא קנאקין, איך מיין איינע שווערע שטיק ארבייט צוא מאכין, איין ביטשריפט צום מיניסטער, וואס ער איז גאר ניט ספאסאבנע דער צוא. דען ער איז דאך העכסט אונגעווישענד אין דיזעס, אונ עס מוז פערטיג ווערין ביז צום אבינד, אלזא וועט שוין דא דיא גישוויר מוזין פלאצין, דען עס וועט זיין איינס פון ביידין, ענטוועדער ער וועט גאר ניט מאכין, אדער עס וועט טויגין צום טייוויל, אונ דאן זיינען מיר שוין מיט אים פערטיג, דער צוא נאך וויא איך ווייס איז ער העכסט פאר האסט פון אלע הויז לייטע דארט, איך גלויבע ער וועט דארט האבין אונטער זייא איין חרבונה וואס וועט אים באגראבין וויא דעם המן הרשע, נור זאל אייער פאטער ווייטער ניט זאסטופייען פאר אים.

יאזעף, דער פאר וועל איך שוין זארגין, נוא איז מיר שוין אויך רעכט צוא וואס ער האט געברויכט צוא בעקומען פון מיר פערזין. געוויס מיינט ער ארויס צוא געבין דארט פאר זיינע, אונ דיזעס זאל ער קענען טאן אין מיינער גענענוואַרט (אין מיינער זיין דער ביי)? אזויא אונפערשעמט זאל ער זיין.

שאלאמאן, אלזא איז גוט דאס איר זייט גילאדין דארט, נור זייט גוט גישייט דער ביי אונ זייט פיל קלינער אלס אייער פאטער.

---

# פירטער אויף צוג.

## ערשטער אויף טריט.

«מאדאם בלומע אונ אנגעס».

בלומע, פערבלייבע אווילע דא מיט מיר אליין מיינע ליבע אנגעס, מיר האבין פון וואס וויכטיגעס מיט איינאנדער צוא ריידין, וואס איין דריטער דארף עס ניט הערין, אונ מוזין עס שוין אין זינען האבין בעפאר עס וועלין קומען דיא אבענד געסטע צום אבענד, זאג מיר מיין קינד גאנץ אויף ריכטיג וואס פאר איין מיינונג האסט דוא פון דעם הערין זימאן טריפלער?

אנגעס, ער שיינט מיר איין אנגענעהמער אונ שיין געבילדעטער יונגער מאן צו זיין.

בלומע, אונ דיזעס הער איך גאנץ גערין פון דיר, עס פרייט מיך דאס דוא האסט איינע גוטע מיינונג פון אים, דען לויט מיין ווילין אונ דיין





פאטער'ס ווילין זאל דיזער זימאן טריפלער גאנץ אומגעזאמט ווערין דיין מאן;

אנגעס, (צו מישט) מיין מאן?

בלומע, אזוי דיר וואונדערט עס? אונ ביי אונז ביידין קומט עס אויס פאר גאנץ גלייך, אונ דאס מיר דארפין פאר דיר קיין בעסערין מאן אלס ער איז.

אנגעס, ליבע גרויס מוטער, וויא אויך עס גאנץ רעכט אונ זייער גלייך דאס איך זאל נור דען יעניגין יונגען מאן הייראטהאן וועלכין איר ביידע וועט אים מיר צו פירין. אונ וויא אויך איך שעצע הויך דיזען זימאן טריפלער, ביי אלעם דעם האב איך געגין אים וויא דיא ווארהייט צוא זאגין איינען געהיימען אידייע אונד ביטטע איממער גאט אין שטילין דאס ער זאל מיך פון אזוי איינעם איין היטין.

בלומע, איין דומעס צייג עס איזט גיוויס נור איינע קינדערישע לוינע, וואס ווערט נאך דער האכצייט פערשוואונדען וויא איין מארגין דונסט (טומאן).

אנגעס, ניין ליבע גרויס מוטער, זאגין זייא עס ניט. עס איז פיל מעהר אלס איינע ווישטע לוינע, איך האב צו אים דיא גרעסטע אבנייגונג, עס ווערט מיר העכסט אונהיימליך אלס איך דער זעה אים, אונ טוה דער מיט צוואר גאנץ אונרעכט. איך בין אייך מודה דען ביי מיינעם קאלטין בארעכענונג האב איך דאס מינדעסטע ניט אויס צו זעצין אויף אים, ער שיינט מיר צוא זיין בראוו אונ געבילדעט איין וועלט מאן צוא זיין, אונ איין העכסט פייעריגער מענטש צוא זיין, אבער הערץ געפיהלע אונד קאפ פערשטאנד זייגען גאנץ פערשיידענע זאכין, וואס קענען זיך קיין מאל קאמפענקירין, דער קאפ דארף זיך ניט מישין אין דיא אנגעלעגענהייטען פון דעם הערצין, אונ דאס הערץ דארף זיך ניט מישין אין דיא אנגעלעגענהייטען פון דער קאפ, אונ איינע פארטייא גיהערט פיל מעהר צוא דיא אנגעלעגענהייטען דאס הערצינס אלס דאס קאפפס.

בלומע, אונ איך בין גאנץ פארקערטער מיינונג, דאס איינע פארטייא איז פיל מעהר איין קאפפ אינטערעסע אלס איין הערצענס אינטערעסע, דען ניט אלס וואס ליב אונ שיין איז נוצליך, אונ ניט אלעס וואס אבשרעקענד איז, איז שעדליך, אונ ביי איינער פארטייא מוז גיקוקט ווערין פיל מעהר אויף דיא נוצליכקייט איהרע אלס אויף איהרע ליבליכקייט, איין ארמעס מיידכען דארף זעהען צוא בעקומען אזוי איין

חָתָן וָואס זָאל זַיין אַיין אַנְשְׁטֶענְדִיגֶער גִינֶערֶער, אַיין רַייכֶעס מֵידְכֶען דַארְף זֶעהֶען צוּא בֶּעקוּמֶען אַזוֹי אַיין חָתָן וָואס זָאל זַיין אַיין גוּטֶער גִישֶׁעפְטְס פִיהְרֶער, אַיין גוּטֶער הוֹיז ווִירְט, אַיין מַאן פוּן אֵיינֶעם גוּטִין כַּארַאקְטֶער, אוּנ דִיזֶעס אִיז דֶער זימאן טריפלער. אַיי וָואס דוּא זָאגְסְט דָאס דוּא הָאסְט אַיין ווִידֶער ווִילִין צוּא אִים, וֶוער נוּר הוֹיז ווִירְטִין, מוּטֶער פוּן אֵיינֶעם קִינְד נוּר, וֶועט עֶס אַלְס פַארְשְׁווִינְדִין ווִיא אַיין רוֹיךְ אִין דֶער לוּפְטִין, אוּנ אוֹיבּ זַייא ווַייסִין דָאס דִיזֶער זימאן טריפלער הָאט גִינוּג בְּעָלְנִים אוֹיף זִיךְ נִיט פַארְגֶעס דָאס דוּא בִּיזְט נִיט אַיין מֵידְכֶען אִין דִיזֶער גְרוֹיסִין שְׁטָאט טוֹיזֶענְדֶע דַיינֶע גְלַייכִין וֶוערִין אַלֶע טָאג אוֹיף דֶעם הֵייַראטְ'ס מַארְק גִיפִירְט עֶס אִיז אָבֶער ווֵייניג קוּנְדִין דָא צוּא דִיזֶער צַייט, אַלְזָא טוּט מִיר לֵייד אַזוֹי אֵיינֶען וָואס הָאט נִיט זַיין גְלַייכִין אוֹיס צוּא בְּרַאקִירִין.

## צְווֵייטֶער אוֹיף טְרִיט.

"זימאן טריפלער צוּא דיא פאריגע".

זימאן, ווִיא אוֹיךְ מַאדַאם מֵיין קָאפּ אִיז מִיר הֵייטֶע ווִיסְט אוּנ לֶעהְר אוּנ בִּין גַאנְץ פַארְווִירְט (צוּ מִישְׁט) אִיבֶּער דִיא שְׁלֶעכְטֶע לַאגֶע פוּן מֵיינֶער מוּטֶער ווִיא אִיר זֶעלְבְּסְט הָאט דָאס גִיהֶערְט מִיט מִיר צוּא גְלַייךְ פוּן מֵיינֶעם פֶעטֶער, בַּייא אַלֶעם דֶעם אוֹיס אַכְטוּנְג צוּא אַייךְ הָאבּ אִיךְ מִיךְ אָנְגֶעשְׁטְרֵיינְגְט צוּא מַאכִין פַאר אַייךְ אַיין גֶעדִיכְט (לִיד) וָואס זָאל פַּאסְטִין צוּא זִינְגֶען אוּנ צוּא שְׁפִּילִין צוּא דִיזִין אַבֶענְד, אוּנ עֶס הָאט מִיר אוֹיךְ גֶעלוּנְגֶען דֶען עֶר אִיז מִיר הֶעכְסְט גֶערָאטִין, נוּא לֵייגֶע אִיךְ עֶס צוּא אַייֶערִין פִיסֶען מַאדַאמֶע, מִיט דֶעם גְרֶעסְטִין הוֹיכְאַכְטוּנְג.

בלומע, נוּא פְרֵייט עֶס מִיךְ אִיבֶּער דִיא מָאסִין דֶען ווִיא דִיא וָוארְהֵייט צוּא זָאגִין, אִיךְ הָאבּ מִיךְ בַּייא מַיינֶעם ווִיסִין ווִיא ווַייט אִיר זַייט פֶערְטְרוֹיֶערְט וֶועגִין דִיא שְׁלִימֶע לַאגֶע פוּן אַייֶער מוּטֶער, גָאר נִיט גֶערִיכְט דָאס אִיר זָאלְט הָאבִּין הַיינְט אִין עֶס צוּא מַאכִין.

זימאן, אָ לוֹיבּ גָאט מִיט מֵיינֶער מוּטֶער שְׁטֵייט פִיל בֶּעסֶער אַלְס מֵיין פֶעטֶער הָאט מִיר גִיזָאגְט, דֶען עֶבֶּען הָאבּ אִיךְ בַּאקוּמֶען אַיין בְּרִיף פוּן אִיר דָאס זִיא הָאט דֶער הַאלְטִין טוֹיזֶנְד טָאלֶער פוּן מִיר אוּנ אִיז פִיל בֶּעסֶער אִין אִיהְרִין גֶעזוּנְדְהֵייט גִיוָוארִין, זִינְד מֵיין פֶעטֶער הָאט אִיר פַארְלָאזִין.





בלומע, נוּא פְרֵייט עֶס מִיךְ דָאפִּילְט, וואוּיל דִיא עֶלְטֶערִין וָואס אַזֶעלְכֶע קִינְדֶער הָאבִּין.

זימאן, אָ בַּאהִיטֶע גָאט, הֶעטֶע אִיךְ דִיזֶען בְּרִיף נִיט בַּאקוּמֶען פוּן מַיינֶער מוּטֶער אָ וָואלְט אִיךְ מִיךְ דַאן פֶערְגֶעווִיס עֶנְטְשׁוּלְדִיגִין בַּייא אַייךְ, אוֹיף מַיינֶעם נִיט קוּמֶען צוּא הַיינְטִיגִין אָבִינְד אַהֶער דֶען עֶס וָואלְט מִיר גִיוֶועְן ווִידֶער מֵיינֶען ווִיסִין, צוּא מַאכִין מִיךְ לוּסְטִיג בַּייא אַייךְ, בַּייא מֵיינֶעם ווִיסִין ווִיא שְׁלִים עֶס הַאלְט מִיט מֵיינֶער מוּטֶער, נוּא גָאט צוּא דַאנְק יֶעצְט אַטֶעמֶע אִיךְ שׁוֹין פְרַייֶער, עֶס אִיז מִיר ווִיא צוּא זָאגִין אַשְׁטֵיין אַרָאפּ גִיפַאלִין פוּן הַארְץ.

בלומע, (צוּא דֶער אנגעס) דוּא הָאסְט אִים גִידַארְפְט זֶעהֶען ווִיא עֶר הָאט גֶעשְׁטֶערִין אוֹיס גִיזֶעהְן אַלְס זַיין פֶעטֶער הָאט אִים מִיט גִיטֵיילְט דִיא שְׁלִימֶע לַאגֶע פוּן זַיינֶער מוּטֶער, עֶר וַואר הֶעכְסְט גֶעקְרֵיינְקְט בְּלַאס ווִיא אַטוּךְ, פוּלֶע אוֹיגִין מִיט טְרֶערִין, אוּנ וַואר שׁוֹין בְּדֵעָה צוּא לוֹיפִין פַאר דְרַייסִיג מֵייל צוּא אִיר צוּא בְּרֵיינְגֶען אִיר אַהֶער, אַיין שֵׁיינֶעם בַּייא שְׁפִּיל פוּן אֵיינֶעם קִינְדְלִיכִין הֶערְצִין.

## דְרִיטֶער אוֹיף טְרִיט.

"דִיא פָארִיגֶע אוּנ נארבאניע".

נארבאניע, אַזוֹי דֶער זימאן טריפלעד אִיז גָאר בַּייא אַייךְ מוּטֶער, עֶר הָאט דָאךְ וָואס פִיל ווִיכְטִיגֶעס צוּא טָאן אַלְס צוּא פַארְדְרֵייעֶן זִיךְ אוּם אַייעֶרִין דַאמֶען וֶועלְט, אוּנ אַזוֹיא גָאר גִידִיכְטֶע צוּא מַאכִין מַיינֶע אוֹיף נַאבֶע וָואס אִיךְ הָאבּ אִים אוֹיף גִיגֶעבִּין צוּא מַאכִין אֵיינֶע בִּיטְשְׁרִיפְט, אִיז פִיל ווִיכְטִיגֶער אַלְס אַיין פֶערְז צוּא מַאכִין פַאר דִיזֶען אָבִינְד אוּנ גְרַאדֶע הַיינְט הָאט עֶס שׁוֹין גִימוּזְט פַארְטִיג זַיין.

זימאן, זַייעֶן זַייא רוּהִיג מֵיין הֶער אִיךְ בִּין שׁוֹין מִיט דֶעם אוֹיךְ פַארְטִיג.

נארבוניע, וָואס, שׁוֹין פַארְטִיג?

זימאן, אוּנ הָאבּ דֶער בַּייא קֵיינֶע מִיהֶע אוּנ קֵיינֶע צַייט גִישְׁפָּארְט, דָא הָאט אִיר עֶס, אוּנ לֶעזְט עֶס, (דֶער נארבוניע הָאט עֶס אִיבֶּער גִילֶעזִין עֶס וַואר אִים הֶעכְסְט גִיפֶעלִין אוּנ הָאט עֶס בַּאלוֹיבְּט).

נארבוניע, עֶס אִיז מֵיישְׁטֶערְלִיךְ גַאנְץ נָאךְ מַיינֶעם גִישְׁמַאק

גִישְׁרִיבִּין אוּנ מִיט פְרֵיידִין זֶעה אִיךְ דָאס אִיר זַייט אַיין טַאלַאנְטְנֶער מַאן, אוּנ דָאס אִיךְ הָאבּ מִיר נִיט גִינַארְט אִין אַייךְ.

זימאן, בַּייא אַלֶער אַייֶערִין צוּא פְרֵידֶענְהַייט מִיט אֵיינֶער אַרְבַּייט לִיבֶּער הֶער, בִּין אִיךְ נָאךְ אַלְץ אִין דֶער מֵיינוּנְג דָאס דִיא רֵייד פוּן דֶעם שאלאמאן צעדער הָאבִּין דָאךְ גִימַאכְט אֵיינֶען שְׁלֶעכְטִין אַיינְדְרוּק אוֹיף אַייֶערִין אֵיידֶעלֶעס הֶערְצִין גֶעגִין מִיךְ.

נארבוניע, נִיט דֶען מִינְדֶעסְטִין.

זימאן, אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִימֵיינְט דָאס זַיינֶע רֵייד הָאבִּין אַזוֹ וַוייט אַייךְ גִיוִוירְקְט, דָאס זֵייא הָאבִּין מַיינֶע שְׁטֶעלֶע שׁוֹין אָפּ גִיגֶעבִּין אֵיינֶעם אַנְדֶערִין אוּנ אִיךְ מֵיין עֶס דָאךְ דֶעם מיכאל טראנזע וָואס אִיז מִיט אִים מִיט דֶעם שאלאמאן אִין בּוּנְדֶע (יַד אֶחָד).

נארבוניע, וִויא? מיכאל טראנזע? זֵייא הָאבִּין דָאךְ הַיינְט זִיךְ צוּא רִיסִין לוֹיבִּינְדִיג אִים?

זימאן, עֶס אִיז צְוַואר אַזוֹי דֶען אַזוֹי הָאט עֶר מִיר גִישַׁיינְט, דָאךְ דָאס הֶערְץ פוּן יֶעדִין מֶענְטְשִׁין, אִיז אוּנֶערְפָארְשְׁלִיךְ, אִיצוּנְד אָבֶּער וֵוייס אִיךְ דָאס עֶר אוֹיךְ לֵייגְט מִיר גֶעצִין אוּם מַיינֶע פִּיס, אוּנ וִוינְשְׁט מַיין אוּנְטֶערְגַאנְג.

נארבוניע, נֵיין מַיין פְרַיינְד זֵייא טוּעֶן אִים אוּמְרֶעכְט וֶוען אִיר דֵיינְקְט אַזוֹי שְׁלֶעכְט פוּן אִים, נוּן זָאג אִיךְ אַייךְ אַלְזָא דָאס אִיךְ קָאן אִים שׁוֹין פִּיל בֶּעסֶער אַלְס אִיר אִים, אוּנ קַאווירֶע אַלְזָא אַייךְ פַאר אִים דָאס עֶר אִיז אַיין הֶעכְסְט בְּרַאוֶוער מַאן.

זימאן, אָ מֶעכְטֶע אִיךְ אַזוֹי גוּט דֵיינְקֶען פוּן אִים, אוּנ בְּלַייבִּין בַּייא מַיינֶער פָארִיגִין גוּטֶער מֵיינוּנְג אִיבֶּער אִים;

נארבוניע, דָאס אִיז נוּר וַוייל אִיר זַייט גִירֵייצְט אוּנ עֶרְבֵּייזְט דוּרְךְ דֶעם שאלאמאן צעדער, אוּנ דִיזֶער אִיז וִוירְקְלִיךְ אַיין פַארְדָארְבֶּענֶער מֶענְטְשׁ, נוּא מֵיינְט אִיר דָאס דֶער מיכאל וָואס שְׁטֵייט מִיט אִים אוֹיף אֵיינֶעם גוּטִין פוּס (פְרֵיינְדְלִיךְ מִיט אִים) אִיז נִיט בֶּעסֶער אַלְס עֶר, נוּא זָאלְט אִיר וִויסִין דָאס אִיר אִירְט אַייךְ, אוּנ אִיךְ הָאף דָאס אִיר וֶועט בַּאלְד הָאבִּין אֵיינֶע גוּטֶע גִילֶעגֶענְהַייט צוּא אִיבֶּער צֵייגִין זִיךְ, דָאס אִיר אִירְט זִיךְ אִין אִים (אִין דֶעם מיכאל) דֶען עֶר וֶועט דָא בַּאלְד זַיין, עֶר אוּנ זַיין זוּן וֶועלִין הַיינְט צוּ אָבִינְד מִיט שְׁפֵּייזִין מִיט אוּנְז דָא בַּייא מִיר, דֶען אִיךְ הָאבּ זֵייא בֵּיידִין גִילַאדִין צוּא אָבִינְד.





זימאן, אוּנ דִיזֶעם גְרָאדֶע פְרֵייט מִיךְ דֶען זֵייא בֵּיידֶע זַיינֶען גוּטֶע גִיזֶעלְשַׁאפְטֶער.

בלומע, אוּנ דִיא אגנעס, אַזוֹי יאזעף טראנזע וֶועט דָא זַיין?

נארבוניע, יַא דֶער יוּנְגֶער אָפִּיצֶער וָואס זֵייא הָאבִּין מִיר אִים דָא נִיט לַאנְג גִירִימְט, אִיךְ הָאבּ אִים אוּנ זַיין פָאטֶער בֵּיידִין צוּא דֶעם אָבִינְד גִילַאדִין.

בלומע, עֶס אִיז מִיר צוּא לִיבּ דֶעם זָאהְן אוֹיךְ זַיין פָאטֶער לִיבּ.

אגנעס, אוּנ אִיךְ אוֹיךְ דָאס גְלַייכִין וִויל זֵייא בֵּיידִין גֶערִין זֶעהְן.

נארבוניע, (צוּא דֶעם זימאן) נוּא הֶער זימאן פַאר מַיינֶע בֵּיידֶע דַאמֶען זַיינֶען דָאךְ שׁוֹין וִויא אִיר זֶעלְבְּסְט גִיהֶערְט הָאט דִיא בֵּיידֶע גֶעסְטֶע טראנזע (פַאטֶער אוּנ זָאהְן) גוּטֶע גֶעסְטֶע, פִילַייכְט זַיינֶען זֵייא אַייךְ נִיט בֶּעלִיבְּט? קֶען אִיךְ עֶס נָאךְ —.

זימאן, בֶּעהִיטֶע גָאט מַאכִין זֵייא אִיהְרֶען פָארִיגֶען פְּלַאן נִיט אוּם אַם מִינְדֶעסְטִין נִיט צוּא לִיבּ מִיר, דֶען גְרַאדֶע אוּמְגִיקֶערְט אִיךְ וִויל הָאבִּין דוּרְךְ דֶעם אֵיינֶע גִילֶעגֶענְהַייט צוּא בֶּעפְרֵיידִין מִיךְ מִיט זֵייא בֵּיידִין פִּיל מֶעהְר אַלְס בִּיז הֶער אוּנ אוּיס צוּא טִילִיגִין מַיין מִינְדֶעסְטִין פַארְדַאכְט וָואס אִיךְ הָאבּ צַייט גֶעסְטֶערִין בַּאקוּמֶען אוֹיף זֵייא.

נארבוניע, אוּנ דִיזֶעם וֶועט אִיר גִיוִויס הָאבִּין דֶען דֶער מיכאל הָאט דָא נִיט לַאנְג גִישְׁפְּרָאכִין מִיט מִיר אִיבֶּער אַייךְ מִיט גְרוֹיסֶער אַכְטוּנְג אוּנ מִיט אֵיינֶער אִינִיגֶען לִיבֶּע צוּ אַייךְ, אִיךְ הָאבּ וִויא צוּא זָאגִין בֶּענַאהֶע גִישְׁפְּרָאכִין דֶעם עֶרְסְטִין מָאל מִיט אִים, אוּנ עֶר וַואר מִיר הֶעכְסְט גִיפֶעלִין, אִיךְ הָאבּ אִין אִים דֶער וִויסְט אֵיינֶען מֶענְטְשִׁין מִיט אֵיינֶעם גוּטִין קָאפּ, אוּנ מִיט אֵיינֶעם גוּטִין הֶערְצִין, וַוייט פוּן שְׁטָאלְץ פוּן בַּארִימֶערַייא, אוּנ אִיז זָא פַיין (אַזוֹא וַואר מִיר וֵויינִיגְסְטִינְס דֶער צֵיילְט) צוּא זַיין גַאנְץ גְלַייכְגִילְטִיג אוּנ צוּא בְּלַייבִּין גַאנְץ פֶערְשְׁוִויגִין, זֶעלְבְּסְט וִויא אַיין פְרֶעמְדֶער בַּארִימְט זִיךְ פַאר לַייטִין מִיט זַיינֶער אַרְבַּייט, זֶעלְבְּסְט אִין זַיינֶעם זַיין דֶערְבַּייא.

זימאן, (קְרַאצְט זִיךְ אוּנְטֶער דֶעם אוֹיעֶר) אַזוֹיא וַוייט גוּט דֵיינְקְט אִיר פוּן אִים?

נארבוניע, אַזוֹ וַואר מִיר וִוירְקְלִיךְ דֶער צֵיילְט פוּן אִים.

בלומע, אָ דֶער זוּן אִיז שׁוֹין גַאנְץ וִויא אַנְדֶערְס, דִיזֶע סְקְרָאמְנָאסְט בֶּעזִיצְט עֶר נִיט.

אגנעס, אוּנ דִיזֶעס אִיז נִיט צוּא פַארְלַאנְגֶען פוּן אַזוֹיא אֵיינֶעם יוּנְגִין

פייערדיגען פאטע פאר גערוים אזוא איינער שטייט אום זיינע עהרע אום זיינע פארדינסטען אונ באלוינונגען פיל מעהר אלס זיין עלטליכער פאטער וואס איז באלאסטעט שוין מיט לעבינס זארגען .

זימאן , אונ דער צוא נאך איין אפיציר , וואס וואקסט זיינעם גאנצין לעבין אין דיא בלוטיגסטע שלאכטין נור אום דיא פאר פלוכטע עהרע ווילען , אזוי איינער וועט שוין ניט אפ טרעטין דעם רוהם (דיא סלאווא) פון זיינע פאר פאסונגען אונד שירים וואס ער האט גימאכט איינעם אנדערין .

נארבוניע , אונד גראדע דיזעס גיפעלט מיר ביא איינעם יונגין אפיציר ;

זימאן , (ביא זיינעם זעהען דאס נארבוניע סוסקעט זיך מיט זיינער טאכטער גאנץ אין גיהיים , ווער העכסט באזארגט , אונ האט זיך אפ גירופין צו דער מאדאם בלומע) איין ווארט מיט אייך מאדאם (ביא זייטע) איך בעט אייך מאדאם דאס ביא אייערין דעקלאמירין (הויך לעזין) מיינע שטיהעס אין דיזעס אבינד פאר אייער גילאדענעם פובליקום, זאלט איר אויסין לאזין מיינעם אונטער גישריבענעם נאמען אלס פאר פאסער דאמיט מען זאל ניט מיינען דאס איך באשעפטיג מיר נור מיט פערזין מאכערייא אונ היט ניט אפ מיין סלוזבע וואס דיזעס קאן מיר פיל שאדין מאכין צוא מיין ברויט .

בלומע , ווען איר ווילט ניט וועל איך אייער נאמען אויסין לאזין .

זימאן , נאך בעסער וואלט גיוועין . דאס איינער פון דיא גילאדענע ביא היינטיגין אבינד זאל לייענען זיין נאמען דער צוא , דען זאגסט וועט דאך יעדערער דרינגען אין אייך צוא וויסין דעם פאר פאסער דער פון אונ איר וועט מוזין שוין ניט ווילענדיג אויס טרומייטערין מיין נאמען , אונ דיזעס וויל איך פאר קיין פאל ניט .

בלומע , עס מוז דאך אבער זיין אזוי איינע פערזאן וואס מען זאל קענען גלויבין דאס ער האט עס פאר פאסט , אונ דיזע קומט מיר גראדע יעצט ניט ארויף אויף מיינעם גידאנקען דען אלע מיינע איין גילאדענע זיינען נור גישעפטס לייטע, בירזאניסטין, אבער קיינע פאעטין .

זימאן , (שטייט עטוואס נאכדיינקענד) , איך האב שוין אזוי איינעם וואס וועט זיין נאמען פאסין דער צוא , אונ ער וועט מיר אויך גיפעלינגסט לייענען , איך מיין דעם יונגין טראנזעס , דעם יאזעף מען זאגט דאס ער פאר שטייט עפעס אויך צו מאכין שטיהעס (שירים) .





בלומע , א ער פאר שטייט עס זייער גוט , אבער וויא קענען זייא אייער רוהם (סלאווא) עס זעלבסט גימאכט צוא האבין אונד אפ געבין איינעם אנדערין .

זימאן , דיזעס האט ביא מיר קיין באטרעף , איך האב מיט וואס וויכטיגערעס צו רימען מיך אונ טוא עס ניט (דער ווייל זייגען אן גיקומען ביידע טראנזעס , מיכאל מיט זיין זון יוסף) .

אגנעס , (האט זייא ביידין דער זעהן אונ איז גיווארין פריש לעבעדיג) .

## פערטער אויף טריט .

„דיא פאריגע אונ ביידע טראנזעס" .

נארבוניע , (קומענדיג זייא אנטקעגין) נוא איך ביטע העריין איר זייט מיר גוטע געסט , אונ אזו אויך זייט איר ווילקאמענע געסט ביא מיינער מוטער אונ טאכטער , וואס זייגען אייך יאזעף שוין לאנג בעקאנט .

בלומע (צוא יאזיפ'ן) , איך האב מיר קיין מאל גירעכט צו זעהען אייך ווידער היר אין פאריז , נוא בלייבט עס ביא דעם אלטין שפריך ווארט . עס באגעגינט זיך ניט איין בארג מיט דעם אנדערין בארג , אמענטש אבער מיט איין מענטשין יוא , נוא זייא זיינען ביא מיר ווילקאמען דארט זייענדיג ביא מיינער שוועסטער אין קאלמאר וואר איך זעלבסט איין גאסט היר אבער בין איך שוין ווירטין , אונ בין אין שטאנד שוין דא צוא דינען אייך מיט אלעם גוטין , דען איהר זייט ביא מיר ווירקליך איין גאנץ גרויסער גאסט .

יאזעף , (צוא ביידע דאמען) אונ דאך וועלין מיר דיא דאמאלדיגע טאגע וואס איך האב פאר בראכט אין אייער גיזעלינשאפט דיא שענסטע פון מיינעם יונגין לעבין , אונ וועלין מיר בלייבין אלזא גאנץ אום פאר געסין ביז אין מיינעם גראען עלטער .

נארבוניע (צוא דעם מיכאל טראנזע) , לאמיר דיא יונגע לייט לאזין פלוידערין מיט איינאנדער , מיר אבער האבין פון וויכטיגערס צו שפרעכין מיט איינאנדער נוא הער טראנזע דא איז אויך דער הער טריפלער דא , אלזא האבין מיר איינע גוטע גילעגינהייט דורך צוא ריידין זיך מיט איינאנדער .

זימאן (צוא דעם מיכאל טראנזע) , נוא פרייט מיך צוא זעהען אייך דאך אמאל אין אונזער העריגס הויז , איך גלויב דאס איר זייט דא אין שטוב

דָאס עֶרְסְטֶע מָאל , אוּנ אִיךְ וִוינְשֶׁע אַלְזָא אַייךְ גְלִיק דֶער צוּא דֶען גָאטֶעס בְּרָכָה אוֹיף דִיזֶעס הויז , דָאס יֶעדֶער וָואס נוּר אוּנְטֶער דֶעם שָׁאטִין פוּן אִיר בַּאלְקִין נַאכְטֶעט , וֶוערְט שׁוֹין פוּן לַייטִין גַאנְץ אַנְדֶערְס בֶּעטְרַאכְטֶעט אוּנְד גִיאַכְטֶעט .

נארבוניע , (צוּא דֶעם מיכאל טראנזע) אִיךְ גְלוֹיבֶּע דָאס דֶער זימאן הָאט עֶפֶּעס אַיין פַאר דְרוּס אוֹיף אַייךְ , אַלְזָא וֶוערִין זַייא פְרַיינְדְלִיךְ אִין מַיינֶעם פְרַיינְדְלִיכֶען וואוינוּנְג רֶעט אַייךְ דוּרְךְ אוּנ פַאר אֵיינִיגְט אַייךְ .

זימאן , אָ נִיכְט דָאךְ . נִיכְט דָאךְ הֶער טראנזע מִיר וַוארֶען בִּיז אַהֶער גוּטֶע פְרַיינְד אוּנ הָאפֶע דָאס מִיר וֶועלִין אַזוֹי אוֹיף אִימֶער פַאר בְּלַייבִּין .

נארבוניע , נוּן פְרֵייט עֶס מִיךְ הֶעכְסְט (צוּא דֶעם זימאן) , אוּנ וָואלְט אִיר גִיהֶערְט וִויא פְרַיינְדְלִיךְ אוּנ לִיבְּלִיךְ דֶער הֶער מיכאל טראנזע הָאט אִיבֶּער אַייךְ מִיט מִיר גִישְׁפְּרָאכִין (הַיינְט מָארְגֶענְס) אוּנ מִיט וָואס פַאר אַיין הִיץ הָאט עֶר אַיין גִיוֶוענְדֶעט אוּנ אָפּ גִישְׁלָאגִין דֶעם שאלאמאן אַלְס עֶר הָאט שְׁלֶעכְטֶעס גִישְׁפְּרָאכִין פוּן אַייךְ פַאר מִיר , וָואלְט אִיר אִים אוֹיף אַייעֶרֶע פְלֵייצֶעס גִיטְרָאגִין , אוּנ וָואלְט אִים פַאר גִיוִויס אַיין גִיהֵיילִיגְט אִין אַלֶע אַייעֶרֶע גִיהֵיימְנִיסֶע .

זימאן , הַלְוַאי וַוייטֶער מַיין הֶער , בִּיז דַאטָא הָאבּ אִיךְ קֵיינֶע גִיהֵיימְנִיסֶע בַּייא מִיר אִיךְ בִּין אַיין גַאנְץ אָפֶענֶער מֶענְטְשׁ , מַיין הֶערְץ לִיגְט מִיר אוֹיף מַיין צוּנְג (דָאס הֵייסְט אִיךְ רֵייד וָואס אִיךְ דֵיינְק אִין מַיינֶעם הֶערְצִין) נוּר בַּייא אַלֶעם דֶעם אִיז אַיין מֶענְטְשׁ נוּר מֶענְטְשׁ אָבֶּער קֵיין מַלְאָךְ , דָאס אֵיינְצִיגֶע וָואס אִיךְ הָאבּ יוֹא עֶטְוָואס פַארְדְרוּס בִּיז אִיצוּנְד גִיהַאט , אוֹיף אַייךְ הֶער טראנזע אוּנ צוּ גְלַייךְ אֵיינֶעם קְלֵיינֶעם חָשַׁד גִיהַאט אוֹיף אַייךְ דָאס אִיר זַייט מִיר עֶפֶּעס נִיט גוּט , וַואר נוּר דַארוּם דָאס אִיר זַייט הֶעכְסְט פַאר בּוּנְדִין אוּנ בֶּעפְרַיינְדֶעט מִיט מַיינֶעם אָפֶענֶעם בְּלוּט פַיינְד , מִיט דֶעם שאלאמאן צעדער נוּר אִיצוּנְד דָאס דֶער נארבוניע זָאגְט מִיר דָאס אִיר זַייט אִים אַיין גְרוֹיסֶער גֶעגְנֶער אִין דִיזֶער זַאכֶע זַיינֶען מִיר שׁוֹין בֵּיידֶע הֶעכְסְט אוֹיס גִיזֶעהֶענְט מִיט אֵיינַאנְדֶער .

מיכאל (צוּא דֶעם זימאן) , אוּנ אַזוֹ דַארְפִין זַייא אוֹיךְ אוֹיף אִים קֵיין פַארְדְרוּס הָאבִּין דֶען דִיזֶער שאלאמאן הָאט דָאךְ פַאר לָארִין זַיין בְּרוֹיט אוּנ הָאט גִינוּג אוּרְזַאךְ צוּא גְלוֹיבִּין דָאס אִיר הָאט שׁוּלְד אִין דֶעם , וַוייל זַיינֶע שְׁטֶעלֶע וַואר בַּאזֶעצְט מִיט אֵיינֶעם פַאר וַואנְדֶעטִין פוּן דֶעם קַאמֶער דִינֶער .





זימאן , עֶר וַואר אַדַאלֶעט נוּר דַארוּם וַוייל עֶר טוֹיג נִיט , אוּנ וַוייטֶער מָאג עֶר מִיר בַּאלֵיידִיגִין וִויא אוּנ וואו עֶר וִויל , אַבִּי אִיךְ וֵוייס דָאס זַיינֶע רֵייד הָאט קֵיין הֶערְט בַּייא דֶעם הֶערִין נארבוניע אוּנְד בַּייא אַייךְ הֶער טראנזע , אוּנ אַזוֹי זַיינֶען מִיר שׁוֹין צוּא עֶנְדֶע מִיט אוּנְזֶערֶע קְלֵיינֶע צְווִיסְטִיקַייטִין (אוּנְאֵיינִיגְקַייטִין) אוּנ בְּלַייבִּין אוּנְז גוּט בִּיז אִין דִיא אֵייבִּיגְקַייט .

בלומע , נוּא וֶוען זַייא זַיינֶען שׁוֹין צוּא עֶנְדֶע מִיט אַייעֶרֶע גִיהֵיימֶע גִישְׁפְּרֶעכֶע , גֶעמֶען זַייא פְּלַאץ לֶעבִּין אוּנְז .

זימאן (צוּא דֶעם יאזעף טראנזע) , אִיךְ הָאבּ אַייעֶרֶע פְּיֶעסֶנֶעס שׁוֹין אִיבֶּער גִיגֶעבִּין דִיא אַלְטֶע מַאדַאם , אוּנ הָאבּ אִיר צוּא גְלַייךְ אוֹיךְ גִיזָאגְט וֶוער דֶער פַאר פַאסֶער דֶער פוּן אִיז .

יאזעף , עֶס פְרֵייט מִיךְ הֶעכְסְט דֶען אִיךְ הָאבּ פִיל אִינְטֶערֶעסֶע דֶער בַּייא .

זימאן , (אָבְּפִירֶענְד דִיא מַאדַאם בלומע אָן אַזַייט) פַאר גֶעוִוים וֵוייסִין זַייא שׁוֹין וָואס אִיךְ הָאבּ גִימַאכְט אִיצוּנְד .

בלומע , וָואס מֵיינֶען זַייא ?

זימאן , זַייא הָאבִּין נִיט בַּאמֶערְקְט ? דָאס עֶס פְרֵייט אִים דָאס אִיךְ הָאבּ אַייךְ אָפּ גִיגֶעבִּין דִיא פְּיֶעסֶנֶעס אוֹיף זַיין נָאמֶען , דָאס הֵייסְט דָאס עֶר אִיז דֶער פַאר פַאסֶער דֶער פוּן , מִיר וואוּנְדֶערְט דָאס אַזוֹי דוּם זָאל עֶר זַיין צוּא וֶועלִין שְׁטָאלְצִירִין אוֹיף פְרֶעמְדֶע מְרוּד , אוּנ מֵיינְט דָאס דִיזֶעס וֶועט אִים אַיין גֵיין , דֶען עֶר הַאלְט זִיךְ פַאר אַיין גְרוֹיסִין פָּאעֶט .

בלומע , אָ יַא דָאס וֵוייס אִיךְ פוּן פְרִיעֶר .

זימאן , אוּנ דַאהֶער אַלְס אִיךְ הָאבּ אִים אָן גִימוּטְ דָאס עֶר זָאל מִיר לַייעֶן זַיין נָאמֶען אוֹיף דִיזֶע פֶּערְזִין , דָאס הֵייסְט אוּם זָאל נִיט וִויסִין דָאס אִיךְ בִּין דֶער פַאר פַאסֶער דֶער פוּן , הָאט עֶר זִיךְ אָן גִיכַאפְּט וִויא אָן אֵיינֶעם הֵייסִין שְׁטֵיין מִיט בֵּיידֶע הֶענְט . אוּנ אִיז אַלְזָא פוּלֶע פְרֵיידִין בַּייא מֵיינֶעם מֶעלְדִין אִיהְם דָאס אִיךְ הָאבּ זַייא אַייךְ אִיבֶּער גִיגֶעבִּין שׁוֹין אוֹיף זַיין נָאמֶען .

בלומע , לָאזְט עֶס זִיךְ גִיפַאלִין ? מִיגְלִיךְ דֶען עֶר אִיז אֵייטֶעל אוּנ דֶער צוּא עֶטְוַואס שְׁטָאלְץ .

זימאן , דָאס אָבֶּער מַאדַאם אוּם גָאטֶעס וִוילִין זַיינֶען זַייא הֶעכְסְט פָארְזִיכְטִיג אוּנ רֵיידִין זַייא קֵיין וָוארְט אוֹיס פַאר אִים וָואס עֶר זָאל קֶענֶען מֶערְקִין דָאס אִיר וַוייסְט דָאס נִיט עֶר , נוּר אִיךְ בִּין דֶער פַאר פַאסֶער

דער פון, זאנסט וועל איך מיר צוא ציהען איינעם אייבינגן האס פון אים און פון זיינעם פאטער, און דער אלטער שפריך ווארט זאגט דער קלענסטער פיינד זאל דיר ניט צוא קליין זיין.

נארבוניע, אבער ביז אונזערע געסט וועלין צוא זאמען קומען ליבע מוטער לאזין זייא אונז אויס דיינקען עפעס איינע אונשולדיגע אונטער האלטונג (זאבאוועקע) איך מיין קיינע קארטין שפיל וואס איז פאר בונדין מיט איינעם געלט פאר לוסט (שאדין).

יאזעף, א און דיזעס קען נור דיא מאדאם אויס דיינקען, איך וויים עס שוין פון לאנג אן, אלס זיא וואר נאך אין קאמלאר בייא איר שוועסטער דאס זיא פלעגט אונז דארטין בייא איינע בעזוכע זייער אפט מיט פאר שיידענע שפילע דיא צייט פאר טרייבין.

אגנעס, העער יאזעף ליבין זייא נאך דיא מוזיק זייא ווארין דאך איינסט איין פריינד דער פון.

נארבוניע, עס איז וואר מיינע טאכטער, דוא זינגסט ניט שלעכט לאז איין עט וואס הערין און פילייכט האסטו וואס ניים פאר צוא טראגין אונז.

יאזעף, ווען עס וועט נור ניט זיין צו לאסט קען איך אייך סעקונדירין (צוא האלטין).

אגנעס, מען האט מיר היינט איינע פערזין צוא גישיקט, און איך האב שוין איינע שיינע מעלאדיא צוא גיפאסט צוא זייא און עס שיינט מיר זייער שיין צוא זיין.

נארבוניע, נוט פערגעניגט אייך דער מיט, און איך וועל דער ווייליע איבער זעהען נאך אמאל איבער לעזין דעם ביט שריפט פון דעם הערין זימאן טריפלער.

זימאן, מען וועט זייא אבער שטערין מיט דעם זינגען און שפילין.

נארבוניע, אין מינדעסטין ניט, דען איך בין שוין אזוי איין מאל גיוואוינט צוא ארבייטין אין דעם גרעסטין גירויש. און דא איז דאך נור וויא דורך צוא לעזין, און ווייטער ניט (ער איז זיך אוועק אן אזייט און האט זיך דארטין גיזעצט אום עס צוא לעזין).

זימאן, ווען זיא אבער דאך ליבער.

נארבוניע, עס איז דער מיט ניט וויא מיט איינעם פריינד שאפט בריף עס מוז באלד אפ גישיקט ווערין עס איז דרינגענד דער מיט.

בלומע, נאך קענען זייא אים ניט דאס ער איז איין מאן פון דער





גרעסטער פינקטליכקייט, קיינע פריידע, קיינע פאר גענינגען איז ניט אין שטאנד צו שטערין אים אין דיא ארדענונג פון זיינע גישעפטין זעלבסט דער יהושע וואס האט אפ גיהאלטין דיא זון אין איהרעם לויף, וואלט אים ניט גיקענט נעמין אין דעם גאנג פון זיינעם גיוואוינליכען קראספאדענץ (אלע האבין זיך צו זעצט אגנעס אם ענדע, בלומע לעבין איר, זימאן צו ווישען בלומען און יאזעף, אם לעצטין מיכאל טראנזע).

אגנעס, דיא פערזין זיינען וויא גישאפין פאר דער מעלאדיא.

בלומע, און דער פאר פאסער איז ניט ווייט פון דיר דוא קענסט אים גאנץ דייטליך זעהען אהנע ברילע און וועט איינע גרויסע פריידע האבין עס צוא הערין.

זימאן (צוא דער בלומע שטילערהייט), זייט אסטאראזנא מאדאם גיבין זייא מיר ניט אויס, (צוא דעם יאזעף) דאס מיינט מען אייך מיין ליבער.

אגנעס, אים! וויא?

מיכאל, איז עס וואר יאזעף דאס דאס איז דיינע ארבייט?

זימאן, יא ער איז דער פאר פאסער דער פון.

אגנעס, (צוא איהרע גראס מוטער) וויא? ווירקליך הער יאזעף איז דער פאר פאסער!

בלומע, (הויך) יא (היימליך) לאז מען עס אזוי מיינען און רייד זיך ניט אויס דעם ווארין פאר פאסער דער פון מען דארף עס ניט.

אגנעס, און ווארום ניט, זייא זיינען דאך זייער היפש.

בלומע, אויס גיוויסען אורזאכע (צוא דעם זימאן) וועלין זייא אפטער ניט וועלין אקאמפאנירין (באגלייטין אדער צוא האלטין) דיא אגנעס.

זימאן, מיט פארגעניגין.

מיכאל, (גאנץ ערגערליך (אין כעס) צוא זיינעם זון) געוויס ווידער אמאל פון דער האנד גימאכט (גיפאצקעט) איינע פעדער שמירעריי, דאס מען זאל לאכין פון דיר, גיין מיין קינד בייא דיינעם וויסין דאס מען וועט דיינע פערזין דא אין דעם הערינס נארבוניע'ס הויז אפ זינגען האסטו גידארפט זיך רעכט אן שטרייננגען און זיך קאפ צוא לייגין, אום עס זאל אלעמען גיפעלין, דען דא האנדילט זיך ניט אום דיא עהרע אליין, גיין דא האנדילט זיך אום פיל וויכטיגערס אום איינע פארטי.

יאזעף, אבער ליבער פאטער הערין זייא דאך צוא ערסט, און דער נאך וועלין זייא ריכטען.

(אגנעס זינגט)

*) אן דער קוועלע זאם 1) דער קנאבע 2)
בלומען וואנד 3) ער זיך צום קראנץ
אונד ער זאה זיא פארטגעריסען 4)
טרייבין אין דער וועלען טאנץ 5)
אונד זא פליהען מיינע טאגע
וויא דיא קוועלע ראסטלאזהען 6)
אונד זא שווינדעט מיינע יוגענד
וויא דיא קרענצע שנעל 7) פערבליהען

בלומע, (אן קוקענד דעם זימאן) שוין דער אנפאנג איז אויס גיצייכינט.

זימאן, (צייגענדינג אויף דעם יאזעף) דיזער קאמפלעמענט גיהערט נור דיזעם הערען.

בלומע, גוט! איך פאר שטייא.

מיכאל, עס איז ניט וואס בעזונדערס מעהר געמיין אלס ערהאבען.

*) אין דיזעם ליד וואס איז פאר פארסט פון דעם גרעסטין פאעט שיללער קומט פאר וויא איין יונגער הירט וואס האט זיך פאר ליבט אין איינע שיינע מיידכין וואס וואר דיא טאכטער פון איינעם גרויסין פירסט, זיצט בייא איינער קוועלע אונ פלעכט פאר איר איין קראנץ פון בלומען אונ זינגט זיך דער בייא איין ליבעס ליד, ער באדויערט אין דיזעם ליד זיינע אומגליקליכע ליבע, דאס הייסט דאס ער איז פאר ליבט אין אזוי איין פערזאן וואס עס איז זעלבסט בייא איר ליבין אים צוא ריק, גאנץ אום מעגליך צוא פאר אייניגין זיך מיט איר. דיזעס ליד איז פול מיט אכצין אונ קרעכצין, אויס געדריקט אין דער שענסטע אונ ריינסטע דייטשע שפראכע וואס עס איז מיר העכסט שווער איבער צו געבין עס דיר מיינע לעזערין אין אונזער אידישין זארגאן, בייא אלעם דעם וועל איך דיר דא פאר טייצין אלע אום באקאנטע ווערטער וואס קומען דא פאר, אונ דעם זין דער פון מוזטו זעלבסט אליין פאר שטיין.

1) זאם, גיזעסין. 2) קנאבע, בחור. 3) זאנד, פלעכטעט. 4) פארט־געריסין, אװעק גישוואומען. 5) וועלען טאנץ, דער טאנץ פון דיא אינדין. 6) ראסטלאז, אן מנוחה. 7) שנעל, געשווינד.

(דפס״פ) יאזעף



יאזעף, דאך אבער וואהר.

נארבוניע, (זייענדיג בעשעפטיגט מיט דעם לעזען פון דעם אויף זאץ (שטאטייקע) דיא פאר רעדע (פרעד סלאווע) איז אויס גיצייכנט אונ ווערט צום לעזין;

"אגנעס זינגט ווייטער".

פראגט ניט ווארום איך טרויערע
אין דעם לעבענס בליטהען צייט 1)
אללעס פריידעט זיך אונ האפעט
ווען דער פריהלינג 2) זיך ער נייעט
אבער דיזע טויזנד שטימען
דער ערוואכענדען נאטור 3)
וועקען אין דעם טיפען בוזען 4)
מיר דען שווערען קומער נור

בלומע, עס איז דיא וועלט אויס.

מיכאל, עס איז צוואר ניט שלעכט, דאך ניט איי! איי!

זימאן, (צוא דעם יאזעף) איר זעט וויא אלע בעוואונדערען איך.

נארבוניע, (לעזענד) אויס גיצייכנט, קרעפטיג אונ העכסט איין לייכטענדע (קלאר) (צוא דעם מיכאל) קומען זייא אהער הער טראנזע אונד לעזען זייא עס מיט מיר צוא זאמען, איך בין גאנץ אויסער זיך פון ענטציקען (התפעלות), (מיכאל האט זיך אויף גיהייבין פון זיין שטעלע אונ איז צוא גינאנגען צוא אים אונ האט זיך גישטעלט הינטער זיין רוקין אונ האט גילעזין איבער זיינע שולטערין (אקסלען).

בלומע, (איינהערינדיג זיך פון ווייטין) גאנץ געטליך.

זימאן, (צוא גייענדיג צוא דעם נארבוניע) איך האב אבער פאר גיוויס זייער פיל צוא דאנקען דער בייא דעם הערען טראנזע, (באלד דארויף האט ער זיך בעגעבען צו זיינעם פאריגען זיץ צווישען דעם יאזעף אונ דיא מאדאם בלומע ניט אראפ נעמענדיג דיא אויג פון יענע ביידע דאס הייסט פון דעם נארבוניע אונ דעם טראנזע).

אגנעס

1) דאס איז גימיינט דיא יוגענד. 2) וויאסנע. 3) דאס איז געמיינט דיא גיזאנגע פון דיא פייגלאך, דאס שרייען פון דיא זאבעס אונ דאס גלייכין. 4) דאס איז דאס הערץ, בדרך כלל איז געמיינט דאס אלעס ערפרייט זיך מיט דעם קומען פון דעם וויאסנע, נור ער אליין בלייבט פאר קימערט.

(דפס״פ)

"אגנעס זינגט ווייטער"

וואס קאן מיר דיא פריידע פראממען 1)
דיא דער שאנע לענץ 2) מיר באט
איינע נור דיא איך זוכע
זיא איזט נאהע 3) אונ עוויג ווייט
זעהענד 4) ברייטע איך מיינע ארמע 5)
נאך דעם טייערן שאטין בילד 6)
אך! איך קאן עס ניט ערדרייכען 7)
אונ דאס הערץ בלייבט אונגעשטילט 8)
קאמם הערואב דוא שאנע האלדע 9)
אונ פערלאס דיין שטאלצעס שלאס
בלומען דיא דער לענץ 10) געבארין
שטרייע 11) איך דיר אין דיינען שאאס 12)
הארך, דער האאין 13) ערשאלט פון לידערען
אונד דיא קוועלע ריזעלט 14) קלאר
רוים 15) איז אין דער קליינשטען היטע 16)
פיר איין גליקליך ליבענד פאאר

בלומע, אוי וויא רירענד דאס ענדע איז, דאס ליבע קינד (אגנעס) איזט העכסט גירירט דער פון, אונ עס איז עס גיט צו פאר דיינקען, דען זיא האט גרויסע גיפיהלע.

אגנעס

---

1) נוצען אדער פאסען. 2) דער פריהלינג אדער וויאסנע. 3) נאהענט, דאס הייסט זיא וואוינט דא ניט ווייט, אונ דאך איז זיא ווייט פון אים, דען זיא איז פון איינעם צוא גרויסין שטאנד פאר אים, דען ער איז נור הירטען קנאבע, אונ זיא איינע פירשטין טאכטער. 4) ביינקענד. 5) ארמע, ארעמס. 6) שאטען בילד, הייסט אזוי איין בילד וואס האט קיין ממשות, קיין האפט נור וויא איין שאטען, וואס מער מען יאגט זיך נאך אים נאך ערווייטערט ער זיך, אזוי וואר אים אויך זיינע געליבטע גאנץ אום מעגליך צוא ערגרייכין. 7) ערגרייכען. 8) אונגעשטיל, ניט בערוהיגט, דינעס אלעס מיינע לעזער אונד לעזערין מוזט איר עס לערנען מיט איינעם אריין טאן זיך אין דעם, אונ דאן וועסטו עפעס פאר שטיין ווען אויך דיין ווישען אין טייטש איז גאנץ קליין. 9) געפעליגע, ליבליכע. 10) דער פריהלינג. 11) איך שטרייע, איך שיטע. 12) שאאס, איז דער שוים. 13) האאין, איז איין קליין וועלדיל. 14) ריזעלט, רוישט. 15) רוים, איז פלאץ. 16) היטע, איז ניצעלטיל, דאס הייסט ער לאדעט איין זיינע געליבטע צוא זיך





אגנעס, עס מאג עס גימאכט האבען ווער עס וויל, פיל גלייך, נור דאס מוז מען יענעם אן ערקענען (מודה זיין) דאס ער האט הערץ אונ פאר שטייט צוא ליבען.

זימאן, (פארגיינט זיך טיף גענען דיא אגנעס) דיזעס איז איין צו פיל גישמייכילטער לויב פאר —.

יאזעף, וואס? ער בעדאנקט זיך —

זימאן, (אומדרייענד זיך צו דעם יאזעף) ניכט וואר ליבער פריינד?

בלומע. אונ איך זאג אייך נאך איין מאל גאנץ אויף ריכטיג, דאס איך בין גיווארין גאנץ בעצויבערט דער פון.

זימאן, (נייגט זיך גענין דיא מאדאם בלומע) זייא זיינען מאדאם גאר צוא גיטיג.

יאזעף. איך פאר שטייא אייך גאר אונ גאנץ ניכט.

זימאן, (צו דעם יאזעף) וואס איז דא ניט צו פאר שטיין, איך האב אייך שוין מעהר אלס איין מאל גיזאגט דאס איהר האט דא העכסט אוים גינומען, נון וואס ווילען זייא ווייטער?

יאזעף. (פאר זיך) דער מענטש שפילט דא עפעס איינע צווייא זייטיגע ראליע אונ האלט מיר נאך דער צו גאנץ צו דום דאס ער מיינט דאס איך פאר שטייא עס ניט.

נארבוניע, (ענדע ענדע צו לייענען דיא ביטשריפט) אוים גיצייכינט.

זימאן, (צו דעם מיכאל טראנזע) זעהען זייא איך האב מיך אין דיזעם שטאטייקע גיהאלטין פעסט נאך אייער פאר שריפט וואס איהר האט מיר גיגעבין.

מיכאל, (לאבענד) עס איז וואהר איך האב עס אן גימערקט.

אגנעס, איך ווייס ניט וועלכעם פון דיא ביידע הערין צו דאנקען צו אייך הערר טריפלער, צו דעם יונגען טראנזע, אונ איך וויל דאך קיינע שולדנערין בלייבין.

זימאן

---

ער בעט איר דאס זיא זאל פאר לאזין איר געהייבענעם פאלאץ אונ זאל קומען צוא אים, אין זיין בויערשע הייזעלע (חזינקע) זאגענד דאס אין דיא קלענסטע אונ ארעמסטע וואוינונג איז דא שוין גינוג פלאץ פאר איין פאר פאלק וואס זייער נור גליקליך אין זייער ליבע וויא אים פאר קערטין פאל, חלילה ס'איז שוין דעם דער גרעסטער פאלאץ צוא איינג, אלזא מיינע לעזערין קענסט דוא שוין ווען דוא ווילסט שוין גיפינען איין געשמאק אין דיזען ליד.

זימאן, (צוא דער אגנעס, אין דעם ער אויף דעם יאזעף דייטעט) שוין גינוג עהרע פאר דעם פאטער.

נארבוניע, (צוא זאמען לייגענד דעם מעראראנדים) איין וואהרער מייסטער ווערק, וויא איך לעבע.

זימאן, (זיך פאר בייגענד געגין דעם נארבוניע) צוא פיל עהרע מיין הער.

בלומע, (ווידערהאלענד איבער האזערענט) דיא לעצטע ציילען פון דעם ליד.

הארך דער האהן ערשאלט פון לידערען
אונ דיא קוועלע ריזעלט קלאר
רוים איז אין דער קלענסטען היטטע
פיר איין גליקליכעס פאאר

שיין, עס איז הימליש, ווער קען ווידער שטיין געגין אזויא איינעם דיכטער (פאעט) הער זימאן! מיר בלייבן ביי אונזערן אלטין פלאן, זייא הייראטהען פאר געווים מיינע אגנעס.

יאזעף, א הימעל, וויא אזוי? זאל עס ווירקליך זיין?

אגנעס, וואס הער איך!

נארבוניע, (שטייט אויף) שענער קאן מען שוין ניט שרייבין אזויא ארוים צוא געבין בין איך זעלבסט עס ניט אין שטאנדע (צוא דעם זימאן) איך שעמע מיך ניט צוא קענען אייך ביז אהער. אונ דיזעס איז אבער מעהר אייער שולד אלס מיינע א איר האט שוין גיקענט ביז אהער פיל וייטער האלטין אלס איצונד, נוא פרייט מיך דאס איך האב אייך איצונד דער קענט, דא מיר נייטיג איז איין טיכטיגער מאן אום אן צוא טרויען אים מיינעם נייעם גישעפט אין טולאן, קורץ גיזאגט, איר זייט שוין בעשטימט מיין פראוולאיזסצע פון דעם נייעם באנק, אונ לאזט אייך גראטולירין פון אייער גוטין פריינד מיט דיזעם נייעם טיטול.

יאזעף. א מיין גאט איך האלטע עס ניט אוים, איך פער גייהע!

נארבתיע, עס איז שוין אפ גימאכט אונ מאכט אייך שוין צוא רייזע פארטיג.

זימאן, אבער ערלויבין זייא אלניטיגער הער, עס איז נאך ניט אוים גימאכט ביי מיר דאס איך זאל גאר דיזע שטעלע וועלין אן נעמען, דען איך בין צוא פרידין מיט מיינער איצטיגין שטעלונג;





נארבוניע, ווען מען קען זיך צוא וואס בעסערם אונ גרעסערם זיך גיצליך מאכין, איז איינע זינדע צוא פאר בלייבין האקען אונ שטאקען אויף איינע קלענערע שטעלע, דען מען מוז מאכין פלאץ פאר אזויא איינעם וואס איז ניט פייהיג צוא באציהען אזוי איינע שטעלע וואס נור דער גרעסערער פאר איהם איז עס אום שטאנד צוא באציהען. אונ צווייטינס איך ברויך אייך נייטיג, אלזא דארפין זייא עס מיר צוא ליב טאהן.

זימאן, אייער ווילין איז מיר איין קיניגליכער גיבאט, גוט איך נעמע אן דיא שטעלע, דאך וואלט איך איינעם פון אייך אוים בעטין דער ביא דאס זייא זאלין מיר געבין דעם מיכאל טראנזע פאר איין סעקרעטאר, ער איז איין געוויסענהאפטער מענטש.

מיכאל. איי וואס דיינקען זייא מיך פאר איינען סעקרעטאר.

זימאן, וייל איר זייט מיר העכסט נייטיג צו דיזער נייע שטעלע.

יאזעף, (לאכענד) דאס וויל איך גלויבין.

נארבוניע, דאס איז איינע שפעטערע זאך, נוא וויא איז דא צוא גינאנגען מיט דעם זינגען אונ שפילין?

זימאן, דיא אגנעס האט זיך העכסט אוים גיצייכינט, מיט איר זינגען אונ שפילין, אין דיזען אבינד.

## פינפטער אויף טריט.

„דער קאמער דינער איזראעל צוא דעם פאריגען‟.

איזראעל, דיא איינגעלאדענע זיינען פאר זאממעלט אין דעם זאל.

נארבוניע, אלזא מוטער זיינען זייא אזוי גיטיג אויף צוא נעמען אונזערע געסטע, דען איך בין איצונד באשעפטיגט נאך מיט דיזעם ביטשריפט אום אין איינע שטעלע אוים צוא בעסערין, אונ גלייך עס אפ שיקין צוא דעם מיניסטער, דען דיזעס איז איינע העכסט דרינגענדע אינטערעסע, וואס לאזט זיך ניט אפ לייגין אויף שפעטער, (שטילער הייט צוא דעם זימאן) נאך איין מאל אייער שטאטייקע איז אוים גיצייכינט בעארבייט, דאס איר האט אייך ווערט גימאכט ביי מיר דער מיט דאס איך זאל אייך גאר ניט קוקינדיג אויף אייערעם קנאפין יחוס אונ אייער ארעמען שטאנד נעמען פאר איינעם איידים, דען איך האב אין אייך דער וויסט שוין אלעס וואס איך ווינצע צוא גיפינען אין מיין

טאכטערס מאן, אלזא קורץ גיזאגט מיט מיר זייט איר שוין פארטיג, קומט עס נור יעצט אן מיינע טאכטער, מאכט אייך נור איר גיפעליג אונ באקומט ארויס פון איר מונד איר אנטווארט (דאס יוא זאגין) אונ דאן איז עס שוין וויא אפ גימאכט.

זימאן, (צוא דער מאדאם בלומע) דיא גיזעלשאפט ערווארטעט אונז שוין איינע היפשע צייט אין זאל.

בלומע, רעכט גוט פירין זיא דיא אגנעסין אהין אריין, אונ איך שפאצירע אריין באלד נאך אייך אהין מיט דעם יאזעף טראנזע (אונ אלס דער זימאן איז גינאנגען פאר ביא איר גיארעמט מיט דער אגנעס אום אריין צוא שפאצירין אין זאל. ווער זיא פולער פריידע אונ האט זיך אויס גידריקט דער ביא מיט דיזע ווערטער) עס איז איינע אויגין לוסט דיזען טריפלער אן צוא זעהן אין אלע זיינע פאזען (פאזיציאנען) עס איז איינע פריידע אן צוא זעהען אים אלס ער זיצט אין קאנטאר ביא זיינער ארבייט אונ נאך מער אלס ער קומט צוא אונז אלס בעזוכער אונ נאך מער אלס ער צייגט זיך אלס (דאמען באגלייטער) דען אלעס קליידעט אים, איין העכסט שארמאנטער (ליבליכער) יונגער מאן.

## זעקסטער אויף טריט.

„יאזעף בלייבט אליין".

יאזעף, (צוא זיך זעלבסט) א איך בין העכסט גיקריינקט ווייט גיקריינקט דאס מען קען עס באלד אן מערקין אן מיין געזיכט אונ מוז מיך אלזא גינוג קוראז מאכין אום נאך צוא גיין זייא מיט דער מאדאם בלומע, אונ איך זעלבסט באוואונדער מיין גערולד ביז אהער דען איך פאר שטייא זייער גוט דאס דיא אלע קאמפלעמענטע וואס ווארין דא מיר גימאכט ווארין נור צום שפאס, דען עס איז פיל מעהר אלס גיוויס, דאס זייא האלטין נור אים פאר דעם עכטין פערפאסער אבער ניט מיר, ער האט מיך דא נור צום נארין גימאכט, אונ דיא עהרע פון מיינער ארבייט האט ער נור, אבער ניט איך, עס איז הימיל שרייענד.

## זיבעטער אויף טריט.

„יאזעף אונ שאלאמאן צעדער".

שאלאמאן, וואס איז מיט אייך דאס איר זייט גאנץ אליין? זייט











ווסען דאס עס גייט אלעס נאך אונזער וואונש, וויא פאראויס בארעכינט;

יאזעף, קען מען אנדערש זאגין, מיין פאטער איז שוין פאר זארגט מיט איינער פיל בעסערע שטעלע.

שאלאמאן, אונ איך האב אויך גוטע האפענונגען, אונ בעסערע אויס זיכטין.

יאזעף, ליידער אבער האט דער זימאן טריפלער פיל בעסערע אויס זיכטין אלס מיר אלע האבין, ער איז אין דעם גרעסטין זנאצנאסט ביא דעם נארבוניע, ביא זיינעם מוטער, אונ אויך ביא זיינער טאכטער דיא שיינע אונ ליבליכע אגנעס.

שאלאמאן, איך הערע עס, וואס זאגין זייא? ער אין אכטונג? דיזער אייזעל קאפ.

יאזעף, א ער איז גאר קיין אייזעל קאפ, ער איז פיל חיטרער אלס מיר אלע, ער גילט דא ביא זייא אלעמען פאר דעם בעסטין קאפ, אונ פאר דעם בראווסטין מאן אין דער וועלט.

שאלאמאן, וויא איז עס מעגליך? וויא קען מען זיך אין אזוי איינעם אום ווסענדין זיך אירין, אונ וויא האט זיך אזו איין אידיאט (הדיוט) אויס גיקערעוועט מיט דעם שטאטייקע וואס דער נארבוניע האט אים אויף גיגעבין צוא מאכין עס ווער דאך איינע שווערע גרויסע שטיק ארבייט.

יאזעף, עס איז שוין לאנג גימאכט;

שאלאמאן, שוין גימאכט אונ פארטיג זאגט איר. איר מוזט פון מיר אויף גיוויס לאבין אונ שפאטין.

יאזעף, שוין גימאכט זאג איך אייך אונ מייסטערליך גימאכט, דער שטיל (סלאג) איז וואונדערליך אונ נאך מעהר דער אינהאלט (סארערזאניע) דאס דער נארבוניע האט זיך צוא ריסין לויבינדיג עס.

שאלאמאן, אונ איך גלויבע עס ניט, עס איז גאנץ אום מעגליך, וויא קומט דיזער וויסטע קאפ צוא אזויא איינע ארבייט.

יאזעף, ניט נור גימאכט, אונ גילעזין, שוין אפ גישיקט אזוי גאר אן דעם מיניסטער פינאנס.

שאלאמאן, דא האט ער זיך גימוזט מיט איינעם טייוויל בארינגען דער ביא אונ ווען אזוי איז, מוז איך אייך שוין אויך פרעגין, וואס הערט זיך מיט דער אופראוולאזסצע שטעלע.

יאזעף, א ער איז מיט איר אויך שוין פארטיג, ער האט דיזע

שְׁטֶעלֶע אוּיךְ בַּאקוּמֶען , אוּנ דֶער צוּ נָאךְ בַּאקוּמְט עֶר דִיא שֵׁיינֶע אגנעס פַאר אַיין כַּלָּה .

שאלאמאן , מִיר גְרוּילְט עֶס צוּא הֶערִין , אוּנ זִיא הָאט עֶס אַיין גִיוִוילִינְט , אִיךְ וֵויים דָאךְ דָאס זִיא קֶען אִים גָאר נִיט לַיידִין , זִיא וַואר אִים גוּט נוּר אוּיס הוּילִין הֶעפְלִיכְקַייט , אִין גְרוּנְד אָבֶער אִיז זִיא אִים הֶעכְסְט אָפּ גֶענֵייגְט .

יאזעף , אָ זִיא וֶועט נָאךְ גֶעבִּין , דֶען זִיא וֶועט נִיט שְׁטְרַייטִין גֶעגִין דֶעם ווִילִין פוּן אִיר פָאטֶער . אוּנ פוּן דֶער גְרוּיס מוּטֶער . אוּנ וֶועט אַלְזָא נִיט זַיין דִיא עֶרְסְטֶע וָואס פַאר הֵייראַטְהֶעט זִיךְ ווִידֶערְווִילֶען אוּנ בְּלַייבִּין נַאכְהֶער דִיא עֶרְגֶעבֶענְסְטֶע (אוּנְטֶער טֶענִיגְסְטֶע) פְרוּיֶען , אָ דִיא פְרוּיֶען לָאזִין זִיךְ צֶעמֶען (סְווָאֵייסְקֶע מַאכִין) ווִיא דִיא ווִילְדֶע קַאצִין .

שאלאמאן , אָ אִיךְ וֶועל עֶס נִיט אוּיס הַאלְטִין , עֶס אִיז אֵיינֶע הִימֶעל שְׁרַייעֶנְדֶעס אוּם רֶעכְט , נֵיין דִיזֶעס זָאל נִיט גִישֶׁעהֶען אוּיף גָאטֶעס וֶועלְט דָאס אַזוֹי אַיין אוּיסְוואוּרְף אַיין זוֹיא נִידֶערְטְרֶעכְטִיגֶער , אַזוֹי אַיין אוּם ווִיסֶענְדֶער זָאל אוּיף דֶער וֶועלְט אַזוֹ פִיל גֶעלוּינְט וֶוערִין , אַיין לוּין וָואס פַאר דִינְט אִיר קוּים אַיין הֶעכְסְט גֶעבִילְדֶעטֶער מַאן , נֵיין אַזוֹיא וַואר ווִיא אִיךְ לֶעבּ דַאס דָאס דַארְפִין מִיר נִיט צוּא לָאזִין , מִיר וָואס קֶענֶען אִים פוּן גְרוּנְד אוּיס . דָאס עֶר אִיז אַיין גְרוּיסֶער אִידְיָאט (הֶדְיוֹט) אוּנ דֶער צוּ נָאךְ אַיין הֶעכְסְט פַאר דַארְבֶּענֶער מֶענְטְשׁ , טוּעֶן מִיר עֶס נִיט , זַיינֶען מִיר נִיט בֶּעסֶער אַלְס עֶר , דֶען דָאס וֶועט הֵייסִין דָאס מִיר זַיינֶען מִיט ווִיסֶענְד פוּן אֵיינֶעם בֶּעטְרוּג (אַבְּמַאן) אוּנ פַאר שְׁוַוייגִין עֶס .

יאזעף , אַיין בֶּעטְרוּג וָואס הָאט נִיט זַיין גְלַייכִין , זַייא הָאבִּין רֶעכְט מַיין פְרַיינְד , מִיר בֵּיידֶע מוּזִין טָאן וָואס נוּר מֶעגְלִיךְ גֶעגִין אִים , אִיךְ גֵייא גְלַייךְ צוּא דֶער מַאדַאם בלומע , אוּנ וֶועל אִיר עֶפֶענֶען דִיא אוּיגִין וֶועגִין דִיא פֶּערְזִין (שְׁטִיחֶעס) אוּנ דִיזֶעס וֶועט פַאר גִיווִיס פוּן גְרוּיסֶע ווִירְקוּנְגֶען זַיין .

שאלאמאן , דִיזֶעס מַיין פְרַיינְד לוּינְט זִיךְ נִיט דִיא מִיהֶע ווַייל דִיזֶעס קֶען קוּים פַאר גֶעמֶען אַיין אָרְט נוּר בַּייא דֶער בלומען , אוּנ דָאס אוּיךְ קַיין גְרוּיסִין אָרְט דֶען נִיט צוּא לִיבּ פֶּערְזִין מַאכֶען בֶּעקוּמְט מֶען אַיין שְׁטֶעלֶע אָדֶער מֶען פַאר לִירְט אֵיינֶע שְׁטֶעלֶע . אוּנ פְּשִׁיטָא שׁוּין קֶען עֶס נִיט שַׁאדֶען צוּא אֵיינֶעם שִׁידוּךְ , אַם בֶּעסְטִין אִיז דָאס מֶען זָאל דֶעם נארבוניע אוּיף מֶערְק זַאם מַאכִין דָאס דֶער מֶעמָאַאר אִיז אֵיינֶע פְרֶעמְדֶע אַרְבַּייט , וֶועט עֶר זִיךְ נוּר דֶער ווִיסִין דֶער פוּן אוּיף קְלָאר דָא אִיז שׁוּין





אַדְיוּ מִיט דֶער נַייֶע שְׁטֶעלֶע , אוּנ מִיט דֶער מַאמְזֶעל אגנעס , דֶען ווִיא אִיךְ וֵויים אִיז דֶער גַאנְצֶער קְוַואפוּנִיק פוּן דֶעם נארבוניע אוּיף אִיהְם נוּר צוּא לִיבּ דֶעם מֶעמָאַאר , דֶען עֶר הָאט גִימֵיינְט אוּנ מֵיינְט נָאךְ יֶעצְט . דָאס נוּר עֶר אִיז דֶער פַאר פַאסֶער דֶער פוּן , אַלְזוֹי אָפּ גִימַאכְט מֶען דַארְף דֶעם נארבונען עֶפֶענֶען אַבִּיסֶל דִיא אוּיגִין אִין דִיזֶער זַאכֶע , דִיזֶעס אָבֶער קֶען נִיט גִישֶׁעהֶען אוּיף דֶעם גְרַאדֶען וֶועג , נֵיין דָאס מוּז גִישֶׁעהֶען גַאנְץ אוּמְווּאוּינְדֶען (קַאסְנֶעווֶענֶעם אָבְּרַאזָאם) דָאס הֵייסְט אוּיף דֶעם קְרוּמֶען וֶועג . הַאלְט , עֶס פַאלְט מִיר וָואס אַיין . יַא דִיזֶעס וֶועט אָן גֵיין , נוּר אִיצוּנְד פָארְט — פָארְט . אוּם דָאס מֶען זָאל אוּנְז נִיט צוּא זַאמֶען גֶעפִינֶען .

יאזעף , אָבֶער קַיין דוּמֶען שְׁטְרַייךְ זָאל דֶער בַּייא גִישְׁפִּילְט וֶוערְדֶען , דֶען בֶּעדֵיינְקֶען זַייא זִיךְ וָואס מֶען קֶען דֶער בַּייא פַאר לִירִין , דִיא עֶהְרֶע , אוּנ דִיא הָאפְנוּנְג .

שאלאמאן , אִיךְ וֵויים דָאס גַאנְץ גוּט . דָאס דִיא עֶהְרֶע פוּן אוּנְז בֵּיידִין שְׁטֵייט אוּיף דֶעם שְׁפִּיל . דָאס הֵייסְט (אִין שְׁטַאווְקֶע) , אוּנ בִּין אַלְזוֹ וֶועגִין אִיר בֶּעזָארְגְט פִיל מֶער אַלְס פַאר מַיין בְּרוּיט , אוּנ דַאהֶער וֶוערְט דִיא עֶהְרֶע הֶעכְסְט גִישׁוּינְט פוּן מִיר , אוּנ אִיךְ שְׁטֵייא אוּם אִיר אַזוֹ פִיל ווִיא פִיל אִיהְר אוּם אַיירֶע לִיבֶּע צוּא דֶער אגנעס . אַלְזָא הֶערִין זַייא פוּן מִיר ווַייטֶער , אָבֶער שְׁטִיל ! דֶער טריפלער גֵייט דָא אוּיף דִיא טְרֶעפּ , אִיךְ דֶער קֶען זַיין גַאנְג פוּן זַיין גִישְׁווִינְטֶען טְרִיט , (יאזעף אַבּ) (אַוֶועק) .

## אַכְטֶער אוּיף טְרִיט .

«שאלאמאן , אוּנ זימאן טריפלער» .

זימאן , (נִיט בֶּעמֶערְקֶענְד דֶעם שאלאמאן) צְוַואר דֶער ווַיילֶע גֵייט עֶס נָאךְ מַיינֶעם הֶערְצֶענְס וואוּנְשׁ , דָאךְ בִּין אִיךְ נָאךְ נִיט פְרַייא פוּן זָארְגִין , דֶען נָאךְ הָאבּ אִיךְ נָאךְ נִיט דִיא נַייֶע שְׁטֶעלֶע , אוּנ דָאךְ הָאבּ אִיךְ נִיט (דִיא כַּלָּה) אַהֵיים גִיפִירְט , עֶס אִיז נָאךְ דֶער צוּא מֶער אַלְס אַיין טְרִיט צוּא טָאן , דֶען אִיךְ הָאבּ נָאךְ גֶעגִין מִיר פָאטֶער אוּנ זוּן בַּאנַאנְד (מיכאל אוּנ יאזעף) דֶער עֶרְשְׁטֶער (צַאטֶעוֶועט) אוּיף דִיא פְרַאווִלַאיוּסְצֶע שְׁטֶעלֶע , אוּנ דֶער צְווֵייטֶער אוּיף דִיא שֵׁיינֶע אגנעס , אוּנ בֵּיידֶע זַיינֶען גַאנְץ גִיפֶערְלִיכֶע גֶעגְנֶער , אָ ווִיא וֶוערְט מֶען לוּיז פוּן זַייא בֵּיידִין , דִיזֶעס אָבֶער קֶען אוּיף דֶעם גְרַאדֶען וֶועג נִיט אוּיס גִיפִירְט וֶוערִין , ווַייל זַייא בֵּיידֶע שְׁטֵייעֶן אִין גְרוּיסֶע אַכְטוּנְג בַּייא דֶעם נארבוניע אַלְזוֹי מוּז עֶס נוּר

דורך איינעם קלונין (שטוקע אדער שווינדיל) גישעהען, אם ווייניגסטען מוז איך מיך (העכסט גייטיג) מאכען ביא דעם נארבוניע, דאס עס זאל אים שוין זיין גאנץ אום מעגליך צוא דער ווייטערין מיר פון אים, אויך דיזעס אבער איז קיינע לייכטיקייט, עס פאדערט שכל אונ צייט אונ פאר דער האנט פעלין מיר דיזע ביידע דען דער קאפ איז מיר וויסט, אונ דיא צייט איז קורץ, דאך אבער מען דארף קיין מוטה פארלירין אונ ניט בלייבין אויף דעם האלבין וועג שטיין.

שאלאמאן, (פאר זיך) אַ אונ דאס מיין איך, גוט ער וועט שוין פון זעלבסט אריין פאלין אין מיינע לאפעס. וויא דער פסוק זאגט "בפעל כפיו נוקש רשע" ד. ה. דער אום גירעכטער ווערט פאר אום גליקט דורך זיינע איינענע זינד, (אב אום גיזעהען פון דעם זימאן).

## ניינטער אויף טריט.

### "שאלאמאן אונ יאזעף".

שאלאמאן, (צוא דעם יאזעף) נון זיינען מיר ווידער אליין, אונ קענען אלזוי אונזער פארינין גישפרעך ווייטער פארט זעצין, אונ מיט נאך פיל בעסערין ערפאלג (אוספיעה אדער נוצין) דען איך האב גיהערט איצונד זיינעם איין גישפרעך (דאס הייסט וואס ער האט גישפראכין מיט זיך זעלבסט ניט אן מערקינדיג מיין זיין דארט) וואס האט מיר גאנץ קלאר גימאכט אין זיינעם שלעכטע לאגע פון זיינעם הערצין, וויא ער איז גאנץ באזארגט נאך וועגין זיך. דאס הייסט וועגין זיינער שטעלע אונ וועגין זיין פארטייא, אונ דאס ער פירכטעט זיך פאר אייך ביידין, דאס הייסט דאס דיין פאטער זאל אים ניט פאר דריינגען פון דער נייער שטעלע אונ דוא זאלסט ניט אויס חאפין דיא אגנעס. אַ דיזער גישפרעך איז מיר וויא גירופין צוא מיינעם פלאן וואס איז מיר איין גיפאלין מיט איינער מינוט פריער פאר דעם זימאנ'ס אריין קומען אונ וואס איך בין גיווארין דורך דעם גישטערט עס מיט צו טהיילין אייך נון זיינען מיר איצונד שוין ווידער נור ביידע אליין, קערע איך מיך שוין אום צו דעם זעלבינע שטעלע פון מיינעם גישפרעך מיט דיר וואו איך האב צוא ליב דיזען מאשעניק מפסיק גיוועזן.

יאזעף, איך בין העכסט נייגעריג עס צוא הערין.

שאלאמאן, אַ איך האב דאן גילאזין ביא דיא ווערטער עס פאלט מיר וואס איין יא דיזעס ווירד אן גיין, יא ריכטיג. דיזע ווארין דאן מיינע





לעצטע ווערטער, איצונד אבער דא איך האב שוין גיהערט זיין גישפרעך בין איך שוין פיל געוויסער מיט דיזען איין פאל אלס פריער, ער איז שוין וויא אויס גימאכט ביא מיר, אונ דער זימאן איז שוין ביא מיר אזויא גוט וויא אויס גיהאט, דאס מיר אלע דרייא קענען שוין טרינקען איין (כוס תנחומים), אויף דיזען בעטריגער.

יאזעף, דאך ניט גיחאפט דיא פיס פאר דעם נעץ, לאסען זייא מיך פריהער אויס הערין אייער פלאן, אַ איך קען אייך צוא גוט, איר זייט איין גרויסער היץ קאפ, אונ האלט אימער וואס נור קוים מעגליך צוא דיינקען פאר אויס גיפירט שוין, אונ צווייטינס זאג איך אייך נאך אמאל דאס מיר זאלען אפטער דורך דעם ניט גליקין פון דיזעם איין פאל אייערין ניט קומען צוא שאנדע חלילה.

שאלאמאן, מיר האבין גאר ניט וואס צוא פירכטין דער ביא, אונזערע עהרע וועט דא אויף קיין פאל ניט ליידין, ערסטינס וייל איך בין ביא זיך מעהר אלס גיוויס דאס מיין איינפאל וועט גליקען, אונ אם לעצטין פאל דאס הייסט וועז עס וועט ניט זיין פון גידייהען (געראטען) וועלין מיר אויך ניט רויט ווערין, דען עס וועט אונז ניט שלימער ערגיין אלס מאנכין פישער וואס קיין פיש האט ניט אן גיהאקט (אנגעביסין) אן דעם קעדער (פרימאנקע) *) וואס ווער אן גישטאכען אויף זייער ווענדע, ער קערט זיך אום אהיים מיט ליידיגען צוואר אבער אן שאנדע. איך וויל דיזעם מזיק אויך קעדערין נור (דאס הייסט צוזאווען מיט וואס צוא דער ווענדע) וועט ער אן האקין איז גוט אונ ווען ניין וועלין מיר דער ביא ניט פיל מער פאר לירין אלס דער פישער.

יאזעף, נוא אין וואס וועט עס באשטיין אייער קעדער (פרימאנקע) וואס איר זאגט, דאס איר ווילט אים דער מיט פאנגען? דער ווייעלע פאר שטייא איך אייך ניט:

שאלאמאן, גידולדעט אייך עטוואס אונ לאזט מיר אויס ריידין, מיין פלאן באשטייט אין דעם (נור דאס מוז גאנץ פאר שוויגין בלייבין, זאנסט לא די וואס עס וועט ניט געלונגען, קענען מיר אונז נאך צוא ציהען איינעם גרויסען האס פון דעם נארבוניע זעלבסט). מיט אייניגע טעג צו ריק האט מיך

*) קעדער, אדער פרימאנקע, אדער פאנעטקי, הייסט עס דער ווערעמיל וואס מען צעפעט אן דעם קרוצק פון איינער ווענדע, אים צוא צוזאווען דער מיט דיא פישעלע, אונ אזוי הייסט יעדער זאך וואס נור ועמען צוא באווען, קעדער אדער פרימאנקע.

מיך בעגעגנעט דער איזראעל דער קאמער דינער פון דעם נארבוניע,
האט ער מיך פריינדליך גירישט, ער האט מיר דיא האנד גערייכט, אונ
האט מיר גיזאגט אזו. ליבער הער שאלאמאן ווען איך דער זעה אייך
פלאגט מיר מיין גיוויסן דאס נור דורך מיינעם אוים ווירקען דורך דעם
זימאן טריפלער איינע שטעלע פאר מיינעם איין פאר וואנדטען זייט איר
גיווארין ענטלאסען, אונ זייט אן ברויט גיבליבן, נון וויל איך אייך
דאהער ראטהען דאס איר זאלט זיך זעהען מיט איינעם גיוויסען פערזאהן
וואס איז העכסט גיאכטעט אונ העכסט גישעצט ביא דעם הערען
נארבוניע, זיא הייסט פולווע אגריפאנא. פון איהרע פערהעלטניסע
(אטנאסעניע) מיט דיזעם הערען מיינעם וויים איך אזוי ווייניג אלס איר
ווייסט. אונ העטע איך געוואוסט וואלט איך אייך אויך ניט גיזאגט, אונ
דאס ווינציגע וואס איך וועל אייך דא זאגין וועגין איר זאלט איר דאס וויא
אייער לעבין איז אייך ליב קיינעם ניט דער ציילין. דען וויא איך מערק אן
אין מיינעם הערין, באגייט ער זיך אין דעם וויא מיט איינער גרויסע
גיהיימניסע, ער קומט צוא איר גאנץ אין גיהיים, אונ גייט אוועק פון
איר גאנץ גיהיים, ער צאלט פאר איר דירה געלט, צווייא טויזנד פראנק
איאהר, אונ שיקט איר צוא דורך מיין האנד פיר הונדערט פראנק
מאנאטליך דער ווילע ביז אהער וויים נימאנד דער פון. וויא עס שיינט
בין איך נור דער איינציגער וואס איז איין גיטרויט אין דיזער זאכע, אונ
האב אלזא שוין גיהאט גינוג גילעגינהייט צוא זעהען וויא ליב אונ טייער
זיא איז ביא אים אונ ווי די ווארהייט צו זאגין, איז זיא איינע דאמע פון גרויסע
טוגענדען (מעשים טובים), מיט איינעם העכסט איידעלין הערצין, אלזא
ווען איר ווילט וועל איך אייך פאר שטעלין פאר איר זיא וועט גיוויס גרויס
מיטלייד האבין מיט אייך אונ וועט אויס ווירקין ביא דעם הערין אלעס
גוטעס פאר אייך אונ זאג אייך נאך אמאל עס דארף קיין ילוד איש וויסין
דער פון זעלבסט דער זימאן טריפלער אויך ניט זאגסט שאדעט איר דיא
זאכע אונ אויך מיר, לויט רעכט האב איך עס ניט גידארפט טאן אויס
זאגין דיזע גיהיימניסע איך טוא עס אבער אויס מיטלייד מיט אייך, אונ
אום מיין הערין צוא בארוהיגין. איך האב אים צוואר גידאנקט דער פאר
דאס הייסט פאר זיין גוט הערין, אבער עס איז ניט אן גינומען ווייל איך
האלט דאס פאר גאנץ נידעריג צוא ערמיטעלין זיך איין שטיקיל ברויט
דורך אזוי איינעם שמוציגין קאנאל דאס הייסט דורך איינע מאטרעסע
(בלאטע נקבה) דען וואס קען אזוי איינע אנדערס זיין אלס איינע ליבאוניצע





דען דער נארבוניע איז דאך איינער ליידיגער פערזאן (אן איין ווייב).
יאזעף, גיין ליבער שאלאמאן, דיזער נארבוניע איז צוא פיין דער
צוא, דען ער איז איין העכסט זאלידער מאן (דאס הייסט פון גרויסין
כאראקטער) אונ גיט זיך ניט אפ מיט אזעלכע זאכין, עס מוז פאר גיוויס
וואס אנדערש שטעקין דערונטער, אונ צווייטינס וואס פאר אשייכות
האט דיזע גישיכטע צוא אייער פלאן אום צוא שטירצען (ארונטער צוא
רייסין) דעם זימאן טריפלער?
שאלאמאן. האט נור גידולד, איך בין נאך ניט צוא ענדע מיט
מיינע רייד אונ וואס איך קען דעם זימאן מיט אלע זיינע זיטין אונ ניטען
(דאס הייסט מיט אלע זיינע פעלערין) וויים שוין אויך זייער גוט דאס דיזע
נייע ענדעקונג וואס איך האב אקארשט גימאכט קען ווערין איין גוטער
קעדער (פרימאנקע) אין מיין האנד פאר אים אום צו פאנגען אים דער מיט
איך מיין צוא פאר פירין אים דער מיט, אזוי ווייט דאס ער פון זעלבסט
זאל זיך אן באטין דעם נארבוניע צוא דינען אים מיט זיינע ליבשאפטין
אלס איין עכטער קנעפלער, דען דיזעם וואר ער נאך אין זיין שטאט בעפאר
ער איז אן גיקומען אין דיזעם קאנטאר אונ מאכט נאך איצונד אויך גיברויך
דער פון, דען ער פאקטערט אלע זיינע יונגע באקאנטע פון דער פיינער
וועלט נאך ביז היינט. שיינע מיידכען אונ פרויען פון דיא בעסטע פאמיליען
וואס ער האט נור איין גאנג אין זייערע הייזער, אונ וויים שוין פון
אלע געהיימע אונ פאר באטענע ליבשאפטין, אונ ניט אזוי אום דעם
ליבין גראסען וועגען וויא נור אויס בלויזער אויס גילאשענהייט דען דער
אלטער שפריך ווארט זאגט יונג גיוואונט אלט גיטאן.
יאזעף, נוא אונ דאן וואס וועט דער פון זיין?
שאלאמאן, דאן בלייבט ער ביא דעם נארבוניען וואס איז ווירקליך
איין פיינער מאן אדער וואס שפילט אם ווייניגסטין דיא ראלע פון איינעם
זאלידען מענשין אונ וואס שטייט זייער פיל אום זיינע עהרע בלייבט דער
זימאן ביא אים העכסט בלאמירט אויף אימער אונ אייביג, אונ מער
וויא דיזעם דארף איך שוין ניט, דען דאן וועט ער מיר שוין גלויבין אלעס
וואס איך וועל ווייטער ריידין אויף אים. אונ וועט אים אדיילען פון זיך
וויא דיא פעסט.
יאזעף, גוט זאל שוין זיין אזויא וויא איר זאגט, דאס דיזעם וועט
אים העכסט בלאמירין ביא דעם נארבוניע, בלייבט דאך אבער דיא
פראגע פון וואו ווייסט איר דאס דער זימאן זאל דיזע דומהייט בעגיין אן

צוּא בָּאטִין זִיךְ אִים אַלֶם קוּפְלֶער אִין זַיינֶע לִיבְּשַׁאפְטִין בַּייא זַיינֶעם וִויסִין אוּנ מֵיינֶען פוּן דֶעם נארבוניע וָואס מִיר בֵּיידֶע הָאבִּין וֶוײנִיגְסְטֶען בִּיז הֶער פוּן אִים גִימֵיינְט אוּנ גִיהַאלְטִין , דָאס הֵייסְט דָאס עֶר אִיז אַיין הֶעכְסְט זַאלִידֶער מַאן , אָ דֶער טריפלער אִיז צוּ קְלוּג אוּם אַזוֹי אֵיינֶע דוּמְהַייט צוּא בַּאגֵיין , אוּנ צְוַוייטִינְס וֶועט דָאךְ דֶער בַּייא גִיוִויס לַיידִין דֶער קַאמֶער דִינֶער , דֶען עֶר הָאט דָאךְ דִיא גִישִׁיכְטֶע מִיט דֶער דַאמֶע אָן גִיטְרוֹיט אַלֶם גִיהֵיימְנִיסֶע , אַלְזָא קֶען אַזוֹי אֵיינֶער זַיין בְּרוֹיט פַאר לִירִין צוּא לִיבּ אַייךְ , דִיזֶער אָרֶעמֶער קַאמֶער דִינֶער וָואס הָאט עֶס אַייךְ אָן גִיטְרוֹיט נוּר אוּם דָאס אִיר זָאלְט דוּרְךְ דֶעם וִוידֶער אַייֶער בְּרוֹיט בֶּעקוּמֶען , אוּנ אַזוֹי הֵייסְט עֶס גִיהַאנְדֶעלְט אָן אַיין גִיוִויסֶען .

שאלאמאן . גֵיין מַיין בֶּעסְטֶער עֶס וֶועט דֶעם קַאמֶער דִינֶער אַם מִינְדֶעסְטֶען נִיט שַׁאדֶען דֶען זַיין נָאמֶען וֶועט נִיט דֶער מָאנְט וֶוערִין בַּייא דִיזֶער אִינְטְרִיגֶע . עֶס וֶועט נוּר לַיידֶען דֶער בַּייא נוּר דֶער טריפלער אַלֵיין , אוּנ וֶוען אוֹיךְ דוּרְךְ אֵיינֶעם בְּלוּטִיגִין לִיגִין . אִיךְ מַאכֶע מִיךְ אָבֶּער קֵיין גֶעוִויסִין דֶער פוּן , דֶען גֶעגֶען אַזוֹ אֵיינֶעם שֶׁעדְלִיכֶען פַיינְד אִיז אַלֶם עֶרְלוֹיבְּט :

יאזעף . נוּא וַוייטֶער וִויא וֶועט עֶס אָבֶּער דֶער צוּא קוּמֶען , דָאס הֵייסְט אִיךְ מֵיין צוּא וָואס זָאל עֶס אָבֶּער דֶער טריפלער וֶועלִין טָאן , אָן צוּ בָּאטֶען זִיךְ צוּא דִינֶען אִים אַלֶם קוּפְלֶער . אִיךְ מֵיין וָואס פַאר אֵיינֶע אַבּ-זִיכְט קֶען עֶר דֶער בַּייא הָאבֶּען עֶס מוּז דָאךְ דָאס פַאר בּוּנְדֶען זַיין מִיט זַיינֶעם נוּצֶען דֶער בַּייא , אוּנ דִיזֶע זֶעה אִיךְ נָאךְ אַלְץ נִיט אַרוֹים , אַלְזָא זַיינֶען מִיר נָאךְ אַלְץ אוֹיף דֶעם הַאלְבֶּען וֶועג .

שאלאמאן (טוּט אַבְּלִיק אוֹיף דִיא אוּהְר) מַיין לִיבֶּער יאזעף עֶס אִיז גִיוִויס אַזוֹי , עֶר וֶועט עֶס גִיוִויס טָאן . אוּנ פוּן דִיזֶער אוֹיס זִיכְט נוּר , אִיךְ מֵיין אוֹיס בְּלוֹיזֶער אֵיינֶען נוּץ , דֶען אַזוֹ וֶועט שׁוֹין זַיין גִימַאכְט אוּנ אַיין גֶעלַייטֶעט (רַאזְפָּארֶעזִייֶעט) דִיא אִינְטְרִיגֶע מַיינֶע וָואס אִיךְ וֶועל אִים מַאכִין דָאס עֶר זָאל מֵיינֶען דָאס נוּר דוּרְךְ זַיינֶע פַאקְטָארְסְטְוֶוע אַלֵיין זָאל עֶר זִיךְ קֶענֶען בֶּעמֶעכְטִיגִין דִיא נַייֶע שְׁטֶעלֶע , אוּנ צוּא גְלַייךְ בֶּעקוּמֶען דִיא אגנעס , עֶס אִיז זַייעֶר גוּט צוּא גֶעשְׁפִּיצְט , עֶר וֶועט זִיךְ אָן אִיר אָן הַאקֶען , וִויא אַיין הֶעכְט אָן אֵיינֶער וֶוענְדֶע אוּנ וֶועט בְּלַייבֶּען מַיין גֶעפַאנְגֶענֶער , אִיךְ הָאבּ אָבֶּער אִיצוּנְד קֵיינֶע צַייט אוֹיס צוּא רַאזְבֶּערַאיֶען עֶס דִיר , דֶען עֶס אִיז שׁוֹין אוּהְר צֶעהֶען , אִיךְ מוּז וָואס צוּם גִיכְשְׁטֶען אִין דֶעם קַאנְטָאר זַיין , בְּלַייבִּין זַייא רוּהִיג , עֶס אִיז גְלַייךְ וִויא אוֹיס גִיפִירְט שׁוֹין זַייא וֶועלֶען עֶס וִויסֶען אַלֶם אִיךְ וֶועל שׁוֹין צוּא עֶנְדֶע זַיין דֶער מִיט , דֶער וַוייל אַדְיוּ :





# צֶענְטֶער אוֹיף טְרִיט .

## ״זימאן , אוּנ דֶער שְׁטָאט פָּאצְטֶער״ :

זימאן , (בַּייא זִיךְ אִין שְׁטוּבּ) עֶס אִיז נִיט קְלוּג צוּא וֶוערִין מִיט דֶעם נארבוניע , עֶס אִיז אוּם מֶעגְלִיךְ צוּא עֶרְגְרִינְדֶען אִים , בַּאלְד אִיז עֶר גוּט מִיר , בַּאלְד דֶעם מיכאל אוּנ זַיינֶעם זוּן , זֶעלְבְּסְט בַּייא זַיינֶעם וִויסֶען דָאס זַייא זַיינֶען מִיר הֶעכְסְט נִיט גוּט , אוּנ מֶער נָאךְ פַאר אַלְץ פַאר שְׁטֵייא אִיךְ נִיט וָוארוּם הָאט זִיךְ דָאס בְּלַאט אַזוֹי גִישְׁוִוינְד אוּם גִיוֶוענְדֶעט (דָאס הֵייסְט דִיא זַאכֶע גִיעֶנְדֶערְט) דָא נִיט לַאנְג דַאכְט זִיךְ וַואר דֶער מיכאל טראנזע וִויא גַאנְץ נִיט זְנַאצְנֶע אִין דֶעם נארבונעס אוֹיגֶען . אוּנ אַזוֹ הָאט עֶר בַּייא אַלֶעם אִין דֶעם קַאנְטָאר אוֹיס גִיזֶעהֶען , וִויא אַיין לַאסְט טְרֶעגֶער . אוּנ יֶעצְט שְׁטֵייט עֶר שׁוֹין בַּייא אִים אִין אֵיינֶער גְרוֹיסֶען אַכְטוּנְג , אַזוֹי וַוייט דָאס עֶר הָאט גִיהֵיימֶע גִישְׁפְּרֶעכֶע מִיט אִים אוּנ רֶעט שׁוֹין גוּטֶעם פוּן אִים רִימְט אִים אִימֶער אוּנ הָאט אִים נָאךְ בֶּעעֶהְרְט אַיין צוּא לַאדִין אִים מִיט זַיינֶעם זוּן צוּם אַבֶּענְד אִים וָואס הָאט זִיךְ בִּיז הֶער נִיט גִיוַואגְט אֵיינֶע פוּס אוֹיף זַיין שְׁוֶועל אַרוֹיף צוּא שְׁטֶעלִין , גִיוִויס מוּז דָא לִיגִין אֵיינֶע אוּרְזַאכֶע וָואס אִיז אַיין גֶעהֵיים פוּן מִיר . אָ אִיךְ בִּין אַטֶעקִירְט פוּן פַיינְדֶע וָואס צִילֶען אוֹיף מַיין גְלִיק אוּנ צוּא פִיל אִיז מִיר שׁוֹין דֶער שאלאמאן מַיין עֶפֶענְטְלִיכֶע פַיינְד וָואס אִיךְ קֶען מִיךְ אַם וֶוינִיגְסְטֶען הִיטֶען פוּן אִים וָואס טוּא אִיךְ אָבֶּער מִיט דִיא צְוֵוייעֶן טְרַאנֶזֶעס , אִיךְ מֵיין דֶעם פָּאטֶער מיכאל אוּנ זַיינֶעם זוּן יאזעף .

דֶער פָּאצְטֶער , (פַאר גֵיינְט זִיךְ) גוּטִין טָאג הֶער טריפלער אִיךְ הָאבּ אַיין בְּרִיף צוּא אַייךְ פוּן דֶעם שְׁטָאט פָּאצְט , עֶר אִיז מִיר אָבֶּער נִיט אוֹיף דֶעם גִיוואוֹינְלִיכִין וֶועג אַרַיין גִיקוּמֶען אִין מַיינֶער הַאנְד (דָאס הֵייסְט נִיט אַרוֹיס גִינוּמֶען פוּן דֶעם בְּרִיף קַאסְטִין) גֵיין עֶר וַואר מִיר אִיצוּנְד אֵייגֶען הֶענְדִיג (דֶער לַאנְגְט) דוּרְךְ אֵיינֶע אוּם בַּאקַאנְטֶע פֶּערְזָאן מִיט אֵיינֶעם וַוארֶעמֶען צוּא שְׁפְּרוּךְ דֶער בַּייא , דָאס אִיךְ זָאל שׁוֹין עֶס אָפּ גֶעבִּין אַייךְ אוֹיף דֶער שְׁטֶעלֶע , וַוייל דִיא זַאךְ וָואס עֶס וֶוערְט אִין אִים בַּאהַאנְדִילְט הָאט גְרוֹיסֶע אַיילֶע , אוּנ הָאט מִיר דַאפִיר גִיגֶעבִּין צְוֵוייא פְרַאנְקִין , אוּנ אִיךְ הָאבּ אַלְזָא פִּינְקְטְלִיךְ . עֶר פִילְט זַיינֶעם וואוּנְשׁ . אַדְיוּ (אַבּ)

זימאן , (הָאט דֶעם בְּרִיף אוֹיף גִיבְּרָאכִין אוּנ גִילֶעזִין אִין דֶער הוֹיךְ) ״הֶער טריפלער !״ וַואהְרֶע פְרַיינְדְשַׁאפְט בְּרוֹיכְט קֵיינֶעם דַאנְק צוּא בֶּעקוּמֶען פַאר דָאס גוּטֶעם וָואס זִיא טוּט מִיט אִיהְרֶעם פְרַיינְד , דֶען זִיא

בעגעגנט זיך נור מיט איר בעוואוסט זיין (וויסען) דאס זיא האט איהם
וואס גוטעס גיטאן, אונ דאהער שיק איך אייך דיזעס שרייבען וואס
האנדעלט נור איבער אייער וואויל אונ ווייהע (דאס הייסט וואס איז נוגע
צוא זיינער טובה אונ רעה) גאנץ אנאנים (אן איינע אונטער שריפט פון
דעם שרייבערס נאמען) דען דעם דאנק דער פאר ברויך איך ניט, אונ
זייען אלזוי ניט גייטיג צוא וויסען דעם נאמען פון דעם מענטשין וואס
שרייבט אייך דיזעם בריף גינוג אייך צוא וויסען דאס עס שרייבט אייך איין
גוטער פריינד וואס האט אייך אויך פילעס צו דאנקען פאר די גוטע דינסט
וואס איר האט איהם ניצייגט דא, אונ האט אייך נאך אויך גאנץ
ווייניג באדאנקט.

הער טריפלער, איר זאלט וויסען דאס איר האט אין דעם מיכאל
טראנזע אונ אין זיינעם זון געשוואוערענע פיינדע, איין דריטער איז דער
שאלאמאן. נור דיזער איז אייך שוין באוואוסט אונ איר קענט אייך שוין
איין היטין פון איהם, יענע צווייא זיינען אבער שטילע וואסער, וואס גראבט
זייער טיף אונ זיינען אייך אלזוי פיל מער גיפערליכער אלס יענער. אונ
ווערין צוא אייער אום גליק פון טאג צוא טאג געאכטער אונ געהייבענער
בייא דעם נארבוניע, דאס זייא ווערין שוין גאר אין קורצין זיין אין שטאנד
צוא פאר דריינגען אייך פון דער אגנעס. דען דער פאטער צילט נאך
דער נייע שטעלע אונ דער זון נאך דיא טאכטער אונ איר וועט בלייבין
צוא שאנדען.

דיזע נייע קרעפטע זייערע שעפין זייא פון איינע העכסט אונריינע
קוועלע פון איינער גיוויסע דאמע פולווע אגריפאנע וואס זיא איז איינע
העכסט גיהיימע מייטרעס (פלגש) פון דיינעם הערין נארבוניע זיא קאסט
איהם גאר דיא געלט, ער צאלט פאר איר דירה געלט, אונ האלט איר
אויס מיט אלעם גוטין וויא איינע גרעפין, ער ליבט איר וויא זיינעם לעבין
דאס זיא פאר מעגט בייא איהם אלעס (דאס הייסט אויס צוא פירין בייא
איהם וואס זיא וויל).

נוא הער טריפלער צוא אייער אום גליק האט דער יונגער טראנזע
דער יאזעף איינעם גרויסין איין גאנג צוא דיזער דאמע, אונ וויא איך וויים
אויף קלאר פאר נעמט דיזער ארעמער אפיצירל מער פלאץ אין איהרעם
הערצין אלס דיין פרינצעפאל נארבוניע מיט זיינעם שטיין רייכין פערמעגין
זיא האט איהם פאר גישטעלט דאס ער איז נור איין בלויזער (קרוב) איהרער
אונ שיצטע איהם מיט זיינעם פאטער מיט אלער מעגליכקייט, אונ ווערין





אלזוי מיט דער צייט אדער גאר אין קורצין ווען איר וועט עס נור פאר
נאכלאסיגען גאנץ פאר דריינגען פון דעם נארבוניע'ס הערצין, דאס ניט
נור איר וועט באקומען דיא נייע שטעלע. אונ דיא אגנעס צוא פרויא,
גיין איר וועט נאך דיא איצטיגע שטעלע אויך ניט האבין, אונ איר וועט
אלזוי איין ברויט לייזער מענטש ווערין אלזא זעט אייך באצייטין ארום.

נאך מיינעם גוט אכטען (לפי דעתי) וואלט אם גלייבסטין גיוועזען פאר
אייך, דאס איר זאלט זעהען מיט אלע מעגליכקייט צוא פאר דריינגען איר
(דיזע פולוועץ) פון זיינעם (נארבוניע'ס) הערץ אונ אויס פילען איהר שטעלע
(דארטין אין זיינעם הערצין) מיט איינער אנדערע דאמע וואס זאל אייך
גוט זיין אם בעסטין וואלט גיוועזען פאר אייך דאס איר זאלט איהם אריין
פאקטערין דיא מאמזעל הארטענזע דער בייא וואס זיא איז אייך ווירקליך
גוט, אונ דער נארבוניע האט אויגין נור פאר איר (דאס הייסט ער קען
זיך גאר ניט אפ קוקין פון איר) אונ וויא איך וויים וואלט ער איר שוין
לאנג אויס גיבעטין אויף דער פולווע נור עס פעלט איין פאר מיטלער דער
צוא. דען נארבוניע אליין וויא אויך ליידענשאפטליך (בעל תאוה) ער איז,
שפילט ער דאך דיא ראליע פון איינעם העכסט כאראקטערנעם מאן,
אונ קען זיך ניט ערנידעריגען אוים צוא פירין זעלבסט אליין איין ליבעס
האנדיל, אונ צווייטינס מיינט ער דאס דיא הארטענזע איז גאר ניט צוא
באקומען פאר קיין געלט. ערסטינס ווייל זיא איז רייך אונ צווייטינס איז
זיא פון שטאנד, אונ הויך געבילדעט, מיר ווייסין אבער גאנץ אנדערס
פון איר. דאס זיא האט אויך אויגין פאר דעם נארבוניע. נוא נעמט
איר אייך דער צוא אונ פירט עס אוים צו אימערעם איינענעם הייל (גליק).

איך מעלדע אייך אלס דיזעס שריפטליך אונ ניט מונדליך ווייל מיין
קומען צוא אייך וועט שאדין מיר אונ אייך, אונ אויך צוא דיזער אינטריגע
דען אייערע פיינדע זיינען צוא גלייך מיינע פיינדע, אונ מיר ביידע האבין
אלזא אויף פאסער אויף יעדער טריט. אונ דיזעס איז אויך דיא אורזאך
וואס איך האב מיין נאמען ניט אונטער שריבין, אונ וואס איך האב
דיזעס שרייבין צוא גישיקט צוא אייך ניט אויף דעם גיוואוינליכין וועג (דאס
הייסט דורך דעם בריף קאסטין) נור איינגענהענדיג דעם פאצטער איבער
גיגעבין, בייא מיינעם וויסין דאס מען פאסט אויף יעדין בריף וואס קומט
אויף אייער אדרעססא אונ דיזער געגענשטאנד וואס ווערט אין דיזען
שרייבין באהאנדילט, מוז איין גיהיימניס בלייבין אויף אימער אונ אייביג.
(זימאן מיט זיך אליין) מען קען אנדערש ניט זאגין עס איז נאך פיל

מֶעהְר אַלְס גִיוִויס וָואס דֶער אַלְטֶער שְׁפְּרִיךְ וָוארְט זָאגְט. עֶס אִיז אִין דֶער וֶועלְט פִּיל מֶער דָא אַלְס אוּנְזֶערֶע פְּהִילָזָאפִין מֵיינֶען דֶען אִיךְ זֶעה עֶס זֶעלְבְּסְט אִיצוּנְד מִיט מַיינֶע אוֹיגִין, דָאס גְרַאדֶע אִין דֶער זֶעלְבִּיגֶע מִינוּט וָואס אִיךְ הָאבּ אָן גִיהוֹיבִּין צוּא קְלֶערִין אוּנ נָאךְ צוּא דֵיינְקֶען אִיבֶּער דִיא אוּרְזַאכֶע פוּן דֶער גוּטִין וֶוענְדוּנְג וָואס עֶס הָאט גִינוּמֶען מִיט דֶעם מיכאל טראנזע בַּייא דֶעם נארבוניע הָאבּ אִיךְ בַּאקוּמֶען אֵיינֶעם בְּרִיף פוּן אֵיינֶעם אַגוּטִין פְּרַיינְד, וִויא אַרוּיס גִירוּפִין עֶפֶּעס פוּן דֶער הַשְׁגָחָה זֶעלְבְּסְט וָואס הָאט מִיר דִיזֶען רֶעטֶענֶעס גַאנְץ דַייטְלִיךְ עֶרְקְלֶערְט נוּא גָאט זַייא דַאנְק דָאס אִיךְ בִּין שׁוֹין מִיט אַזוֹי אֵיינֶע גִיהֵיימְנִיסֶע רַייכֶער גִיוָוארִין, וָואס הָאט וִוירְקְלִיךְ מַיינֶע אוֹיגִין גִיעֶפִינְט. אַלְזָא אִיז מַיין פְּרִינְצֶעפַּאל דֶער נארבוניע אוֹיךְ אֵיינֶע גִיפַארְבְּטֶע זַאכֶע, אוּנ אִיז נִיט וִויא עֶר שַׁיינְט פַאר דֶער וֶועלְט אַלְס אַיין הֶעכְסְט זָאלִידֶער מֶענְטְשׁ צוּא זַיין, אוּנ גִינִיסְט אוֹיךְ דִיא פַאר בָּאטֶענֶע פְרוּכְט וִויא אֵיינֶער פוּן אוּנְזֶערֶע לַייט, אַלְזוֹי וֵויים אִיךְ שׁוֹין אוֹיף קְלָאר דֶעם מַאן מִיט וֶועלְכִין אִיךְ הָאבּ צוּא טָאן, אִיךְ וֵויים שׁוֹין זַיינֶע שְׁוַואכְהַייטִין, אַלְזוֹי קֶען אִיךְ דָאךְ שׁוֹין אוֹיף אֵיינֶעם פְּרַייעֶרִין פוּס אוֹיךְ אוֹיף טְרֶעטִין מִיט אִים, אוֹי! אוֹי! וֶוען אַזוֹי לַאךְ אִיךְ מִיר שׁוֹין אוֹיס פוּן אַלֶע זַייעֶרֶע קֶעפּ, דֶען וֶוער אִיז נָאךְ אַזוֹי אַיין הֶעלְד וִויא אִיךְ בִּין אוֹיף דֶעם פְּלַאץ פוּן לִיבְּשַׁאפְטִין אָ נִיט אֵיינֶער פוּן אַלֶע מַיינֶע פַיינְדֶע קֶען זִיךְ גְלַייכִין צוּא מִיר אִין יֶעדִין לִיבֶּער הַאנְדִיל, גִינוּג אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גִינוּג מַאטֶעריַאל מִיט וָואס צוּ צְוִוינְגֶען דִיזֶעם נארבוניע, וָואס עֶר וַואר מִיר בִּיז אַהֶער גַאנְץ אוּם בַּאצְוִוינְגְלִיךְ, נוּא וֶועל אִיךְ אִים בֶּעעֶנְדִיגִין אוּנ לֵיינֶקֶען שׁוֹין גַאנְץ נָאךְ מַיינֶעם ווִילִין, דֶען אִיךְ הָאבּ גִינוּג סְחוֹרָה פַאר אִים, אִיךְ מֵיין שֵׁיינֶע מֵיידְכֶען אוּנ פְרוֹיעֶן וָואס אִיךְ וֶועל זַייא צוּ פִירִין אִים אוּנ וֶועלִין אִים לָאזִין טַאנְצִין נָאךְ מַיין פַייפֶעלֶע.

נוּא וַוייטֶער בְּלַייבְּט מִיר אִיבֶּעריג נוּר צוּא פַאלִין אוֹיף דֶעם שְׁרַייבֶּער פוּן דִיזֶעם בְּרִיף (עֶר בְּלַייבְּט שְׁטֵיין אֵיינֶע הִיבְּשֶׁע וַויילֶע גַאנְץ פַאר טְרַאכְט) נָאךְ מַיינֶעם גוּט אַכְטֶען אִיז עֶס קַיין אַנְדֶערֶער אַלְס דֶער קַאמֶער דִינֶער איזראעל דֶען קַיין אַנְדֶערֶער קֶען נִיט זַיין אַזוֹי וַוייט אַיינְגִיהֵיילִיגְט אִין דֶעם נארבוניע גִיהֵיימְנִיסֶע וִויא עֶר, דֶען דֶער נארבוניע אִיז אַיין הֶעכְסְט פַאר שְׁלָאסֶענֶער מֶענְטְשׁ, עֶר הָאט קַיין צוּא טְרוֹיעֶן צוּא קֵיינֶעם וִויא נוּר צוּא דֶעם איזראעל וָואס אִיז זַיין וֶוערְנִיק פוּן לַאנְגֶע דַאטֶע גִיוִויס עֶר אוּנ קַיין אַנְדֶערֶער, דֶען אִיךְ מֶערְק עֶס פוּן דֶעם שְׁרַייבִּין זֶעלְבְּסְט, בַּייא אַלֶעם דֶעם וֶועל אִיךְ מִיךְ מַאכִין נִיט ווִיסֶענְדִיק אוּנ וֶועל אִים אָפּ דִינֶען דֶער





פַאר אוֹיךְ מִיט אַיין טוֹבָה נִיט ווִיסִינְדִיק (דָאס הֵייסְט עֶר זָאל נִיט ווִיסִין דָאס אִיךְ הָאבּ עֶס אִים גִיטָאן) אָ דָאס אִיז אַיין בְּרַאוֶוער קֶערִיל אַיין מַאן פוּן גוּטִין כַּארַאקְטֶער אַלֶע מַיינֶע גוּטֶע פְרַיינְד זָאלִין זַיין בַּאלְד מִיט דִיא לַייבּ דִינֶער פוּן זַייעֶרֶע פְּרִינְצֶעפַּאלֶען, אַלְזָא הַיינְט פוּן אָבִינְד מוּז אִיךְ מַאכִין אֵיינֶע ווִיזִיט דֶעם נארבוניע׳ן אוּם צוּא בֶּעשְׁפְּרֶעכִין זִיךְ מִיט אִים, אִיבֶּער דִיזֶעם גֶעגֶענְשְׁטַאנְד (פֶּרֶעדְמֶעט).

# פִינְפְטֶער אוֹיף צוּג.

## עֶרְשְׁטֶער אוֹיף טְרִיט.

### «שאלאמאן אוּנ דֶער קַאמֶער דִינֶער איזראעל».

איזראעל, (אִיז אַרַיין גַאנְץ הַאסְטִיג צוּא דֶעם שאלאמאן אִין שְׁטוּבּ מִיט אֵיינֶער הֶעכְסְט אוּם צוּא פְרִידֶענֶע מִינֶע) פַאר צַייעֶן זַייא מַיין הֶער אִיךְ הָאבּ חֲרָטָה זֵייעֶר שְׁטַארְק דָאס אִיךְ וַואר אוּם פָארְזִיכְטִיג אָן צוּא טְרוֹיעֶן אַזוֹי אֵיינֶע ווִיכְטִיגֶע גִיהֵיימְנִים, וָואס לוֹיט רֶעכְט הָאט זַיא גִיזָאלְט שְׁטַארְבִּין מִיט מִיר צוּ זַאמֶען (נִיט אוֹיס זָאגִין בִּיז דֶעם טוֹיט) דֶען אִיר הָאט אִיר עֶנְדֶעקְט, אוּנ דִיזֶעם וֶועט מִיר שׁוֹין גִיווִיס אוּם מַיינֶעם בְּרוֹיט בְּרֵיינְגֶען אַלְזָא הָאט אִיר מִיר מִיט שְׁלֶעכְטֶעם פַאר גוּטֶעם בֶּעלוֹינְט, דֶען מַיינֶע אַבְּזִיכְט דֶער מִיט וַואר דָאךְ אֵיינֶע גוּטֶע דָאס אִיר זָאלְט אֵיינֶע שְׁטֶעלֶע בַּאקוּמֶען.

שאלאמאן, אִיךְ פֶערְרַאטֶהֶען (אוֹיס גִיזָאגְט) בַּאהִיט גָאט אִיךְ הָאבּ קַיין וָוארְט מִיט נִימַאנְדֶען דֶערִיבֶּער גִישְׁפְּרָאכִין גַיין מַיין לִיבֶּער איזראעל, אִיךְ בִּין קַיין פֶערְרֶעטְהֶער, אוּנ קֶען אֵיינֶע גִיהֵיימְנִיסֶע הִיטִין וִויא אַיין מַאן פוּן גִיוִויסִין כַּארַאקְטֶער, אַלְזָא אִיז מִיר אַיין ווְאוּנְדֶער דָאס זַייא הָאבִּין אַזוֹי אֵיינֶעם בְּלוּטִיגִין חֲשַׁד אוֹיף מִיר, פִילְלַייכְט הָאבִּין זַייא עֶס אֵיינֶעם אַנְדֶערִין אוֹיס גִיפְּלוֹידֶערְט?

איזראעל, זָאנְסְט וָואלְט דֶער זימאן טריפלער קַיין גִישְׁפְּרֶעךְ דַארִיבֶּער גִימַאכְט מִיט מִיר, דֶען עֶר וַואר הַיינְט בַּייא מִיר אוּנ הָאט מִיט מִיר דַארִיבֶּער גִירֶעט לַאנְג אוּנ בְּרֵייט, אוּנ אַלְץ נִיט פוּן וֶועג, וִויא פוּן סֶדוּר דָאס אִיךְ הָאבּ מִיר נִיט גִיקֶענְט אָפּ ווְאוּנְדֶערִין פוּן וואוּ עֶר וֵויים דָאס, אוּנ וִויא אִיךְ הָאבּ פוּן זַיינֶע רֵייד פַאר שְׁטַאנֶען אִיז עֶר דִיא פוּלווע גַאנְץ נִיט גוּט אוּנ אִיז גִיגַאנְגֶען אַזוֹי גָאר אוֹיס צוּא ווִירְקֶען הַיינְט בַּייא דֶעם הֶערִין דָאס עֶר זָאל אִיר פוּן זִיךְ עֶנְטְלַאסִין, אוּנ נָאךְ דָאס גְלַייכִין וָואס אִיךְ וִויל עֶס אַייךְ נִיט אִיבֶּער דֶער צֵיילִין אִין גְרוּנְד פַאר שְׁטֵייא אִיךְ אִים

אין גאנצין ניט וואס ער מיינט, אונ וואס ער וויל דען וויא דיא ווארהייט צוא זאגין וויא אויך איך וואר אים ביז אהער גוט, אונ האב אים אזויא גאר צוא דאנקען פאר דעם וואס ער האט מיינעם אקרוב אשטעלע גיגעבין, ביא אלעם דעם וואלט פיל גלייכער גיוועזען פאר מיר דאס איך וואלט מיר גאר ניט אריין לאזין מיט אים אין איינער בעפריינדונג, דען וויא צו וויסין אונז גיזאגט, איז ער קיין גלאטער מענטש, אונ מיינט אוים צוא פירין דורך מיר ביא דעם הערין אלעם פאר באטעמעם, ער אבער האט זיך גאנץ געאירט אין מיר. ניין מיין העהר איך בין איין ערליכער מאן, אונ איין גאט אין הימעל וויים וויא ווייט עס בלוטעט מיר מיין הערץ ביא מיינעם דער מאגען מיך דאס איך וואר דורך אים דיא אורזאך פון אייער ענטלאסונג, איך האב עס ניט גימיינט, נור גינוג, לאמיר אונז אום קערין צוא אונזער אינטערעס איך זאג אייך גאנץ גיווים דאס ער וועט זיין היינט ביא דעם הערין וועגין דער פולווע, וואס זיין אויסקוק איז דער ביא וויים איך ניט, נור ליידין דער פון וועל איך נור, דען דער הער וועט גיווים מיינען דאס איך האב דעם טריפלער ענדעקט דען ער וויים דאס איך בין אים גוט ביז אהער גיוועזען, אונ דאן אדיו מיט מיינעם ברויט אונ דיזעם וועל איך האבין אייך צוא דאנקען, דען קיין אנדערער האט עס דעם טריפלער ענדעקט נור איך, זאנסט וואלט עס גיבליבין איין גיהיימנים פון אים אויף ווייטער וויא ביז אהער.

שאלאמאן, נוא הייב איך מיינע הענד צום הימעל, אונ שווערע אייך ביא אלער היילינקייט, דאס איך האב נאך פון אייער אן טרויען מיר אייער גיהיימניסע ביז איצונד דעם טריפלער ניט גיזעהען אונ ניט גירעט מיט אים, אונ איר האט אלזא צוא מיר גאר ניט אונ דאס גלייכין דארפט איר פאר קיין זאך פירכטין דען עס וועט אלעס גוט ווערין. בלייבט רוהיג מיין פריינד, עס איז הערליך צוא זיין ערליך.

איזראעל, ווען אזוי מיין הער פאר צייהעט מיר פאר דיזען ליידינגען (פאר דאכט) אונ לעבט וואול, (אב).

שאלאמאן, (מיט זיך אליין) אלזא גוט גילונגען מיין שרייבין צוא אים דורך דעם שטאט פאצטער האט אים אן גילאקט (צוא גיבאוועט) צוא דער פאלע (פאסטקע) וואס איך האב פאר אים גישטעלט וויא דיא פרימאנקע (לאק שפייזע אדער קעדער) לאקט אן (באוועט צוא) דעם העכט צוא דער אנגעל רוט (ווענדע) אלזא מוז איך אים היינט אויף דער הייסע שעה נאך אמאל איין שווארצין (איין ריכטין) ביא זיינעם הערין, נוא האט מיר אזוי





ווייט געגליקט וועט עס מיר ווייטער גליקין דאס הייסט צוא באווייזין דאס ער קען גאר ניט, אונ דאס ער פוצט זיך נור מיט פרעמדע פעדערין.

## צווייטער אויף טריט.

### "שאלאמאן אונ נארבוניע".

נארבוניע, (צוא דעם שאלאמאן וואס האט אים גילאזט ארויס רופין אין פאדער שטוב) נוא וואס ווייטער?

שאלאמאן, פערצייהען זייא מיר מיין העהר, איך האב אייך גיוויס גישטערט אין אייערע גישעפטין. דיזעס אבער איז שוין דאס לעצטע מאל פון מיינעם בעלעסטיגין אייך מיט מיינע מסירות אויף דעם זימאן טריפלער. דען ווען איך וועל שוין איצונד ניט אוים ווירקין אים ארונטער צו רייסין ביא אייך, דאן וועל איך מיר שוין ניט מעהר וואגין צו פרובירין מיך ווייטער דער מיט, נור איך גלויבע דאס איך וועל אים שוין גאנץ אונ גאר דעמאסקירין פאר אייך (דיא מאסקע ארונטער רייסין) אונ שטעלין אים אין זיינעם ווארען גישטאלט פאר אייך (דאס הייסט וויא ער איז באמת).

נארבוניע, דיא גישיכטע גייט צו ווייט, אונ איך האב קיין גידולד דאס אוים צו הערין.

שאלאמאן, איין איינציגעס ווארט נור, מיין ליבער העהר איך בין גיקומען נור אום אייך צוא ווארענען, דאס איר זאלט זיך ניט לאזין אריין פאקטערין דיא מאמזעל הארטענזע דער ביא, דען זיא איז איין העכסט פאר דארבענעם בעשעפענעס וואס האט אין אירעם לעבין שוין מעהר אלס צעהען ליב האבער פאר פירט, אונ אום גליקליך גימאכט, אונ צום שאנדין גיבראכט.

נארבוניע, העכסט פערדליסליך איך פאר שטייא ניט וואס איז דאס פאר ווערטער, ערשטענס וויא קומט איר צוא דיינקען אזוי שלעכט פון מיר דאס איך גיב מיר אפ מיט אזעלכע אום ציכטיגע אינטערעסין. דאס איר זייט גיקומען מיר צו ווארנען פון איינער פריידען מעדכען הארטענזע אונ צווייטינס האבין זייא דאך גיזאגט דאס זייא זיינען גיקומען נור אום איין צוא שווארצין ביא מיר דעם זימאן טריפלער וואס פאר איין שייכות האט דאס דער מיט?

שאלאמאן, ווייל עס האט מיר איין גיוויסער מענטש וואס האט איינעם פאר טרויטין אום גאנג מיט דעם שמעון טריפלער פאר טרויט אין זיינעם נאמען דאס איר האט איינע מייטרעסע (פלגש) וואס הייסט פולווע

ו איגראפאנע וואס איר צאלט פאר איר ארענדע, אונ האלט איר אויס
מיט גרויסע קאסטין אונ דער זימאן וואס איז איין געהיילגט אין אלע
אייערע געהיימניסע פון אייערע געהיימע ליבשאפטין, אונ וואס איז דיזער
מאדאמא ניט גוט, וויל ער איר פאר דריינגען פון אייך, אונ אריין שפילין
אייך אין האנד אן שטאט איר דיא הארטענזע דער ביא אונ ליידער ווייס
איך דיזע מאמזעל פון דער שלעכטעסטען זייטע, אונ האב אלזא מיט
דיזעם צוא טריט צוא אייך איינע דאפעלטע אויס זיכט, ערסטינס אים
ארונטער צו רייסין ביא אייך דעם זימאן טריפלער וואס איז איין בלוט
פיינד מיינער, אונ צווייטינס אום צו ווארענען אייך פאר דיא הארטענזע
וואס זיא איז איין ווערד איינע שעדליבע זאכע. אונ איך האב נאך מעהר
וואס צוא זאגין איבער אים, נור עס איז יעצט קיינע צייט דער צוא דען
ער זעלבסט קומט גלייך אהער, אונ אום איר זאלט דיזין שמוציגין פראיעקט
פון זיינעם איינענעם מויל הערין מוז איך שוין אפ טרעטין פון היר, דען
פאר גיווים קומט ער נור וועגין דיזעם, (אב).

ז נארבוניע, גרויסער שעפער וואס איז דאס פאר איינער! וויא ווייט
עס קען דיא ראכע איינעם מענטשין פאר פיהרין וויא איז עס מיגליך דאס
דער טריפלער זאל אזוי נידעריג זיין — ניין, אונ ניין, עס איז ניט מיגליך
דאס ער זאל איינע טוגענד (אחד של אמת) שלעכט דייטין, אונ
וויא קומט ער נאר צוא וויסין דער פון, ניין עס איז נור איינע בייזע
אינטריגע (העצע) אונ ווייטער ניט.

## דריטער אויף טריט.

„נארבוניע אונ זימאן טריפלער".

זימאן, (מיט זיך אליין גוט ער איז איצונד גאנץ אליין, איינע גילעגענע
צייט פאר צוא לייגין אים מיין פראיעקט פיר איך עס אויס האב איך אים
שוין אין מיינע לאפעס, אונ פיר אויס מיט אים וואס איך וויל).

נארבוניע, גוטען טאג העד טריפלער, עבען דיינקע איך פון אייך
ח פון אייער מעמאאר וואס איר האט גישריבין, איך גלויבע דאס עס וועט
גרוים אויף זעהען מאכין אין דער ביראַ פון סענאט, דען ער איז איין
מייסטער ווערק.

זימאן, גאנץ גינוג פאר מיר מיין העד ווען ער נור אייך גיפעלט;

נארבוניע. זייא זיינען מיר עפעס וויא צוא טראגין אין פולער
גידאנקען, וואס איז עס מיט אייך?





ט זימאן, זייא האבין ערראטהען מיין העד, איך ביןווירקליך גאנץ
צוא טראגין. דען איך האב צו שפרעכין מיט אייך איבער אזויא איינעם
געגינשטאנד וואס איז איבער דיא עטיקעטע (העפליכקייט) אונ איך וואלט
עס אין קיינעם פאל בערירט ווען עס וואלט ניט גיוועזן פאר בונדין מיט
דיזעם געגין שטאנד אייער וואויל אונ וועהע (טובה אונ רעה) אונ וואו
דיזע איז נוגע פאלט שוין ביא מיר אלעם אוועק, דיא העפליכקייט
זעלבסט איינענליבע (אהבת עצמו) דאס הייסט מיינע פריינדשאפט צוא
אייך צווינגט מיר צוא ריידין מיט אייך דעריבער, זעלבסט ביא מיינעם
פירכטין דאס איר וועט אייך גיפינען דורך דעם העכסט באליידיגט, אונ
דאס איך זאל נאך פיללייכט דורך דעם פאר לירין אם ענדע מיינע
גאלדענע האפענונגען אויף דער נייע שטעלע אונ צוא הייראטהען אייער
טאכטער, גינוג מיין העד אייער פערזאן איז מיר פיל טייערער אונ ליבער
אלס אלע מיינע גאלדענע אויס זיכטין, אונ ביא מיינעם וויסען דאס
אייערע גיזונדהייט אונ אייערע עהרע קען ביא מיינעם שווייגין פיל ליידין
י זעצע איך מיר שוין אויס אלע דיזע גיפאהרין אום נור צוא ווארענען אונ
צוא ראטהען אייך וויא איין גוטער איינגעל.

נארבוניע, זייא באליידיגין מיך מיין פריינד מיט דיזער פאר רעדע
אייערע, ניין איך בין איינער פון דיא בעסטע הערין וואס ווייסין צוא
שעצין דיא וואהרע טרייהייט פון אירע דינער, אלזא ווען איר מיינט מיין
טובה דער מיט מעגט איר גאנץ פרייא ריידין מיט מיר אונ גאר ניט
פירכטין, נאך פאר קערט איך וועל וויסין וויא אייך צוא לויגען, אלזא
ליבער זימאן טריפלער הערויס מיט דער שפראכע.

זימאן, זייא זאלין וויסין מיין העד דאס דיא דאמע פולווע אגריפאנע
מיט וועלכע זייא שטייען אין איינע געהיימע פאר בינדונג, איז אייך העכסט
אונטרייא אונ ביא מיינעם וויסין דאס דיא פערזאנען מיט וועלכע זיא
שטייט אין איינעם גיהיימען פערקער זיינען העכסט וועגעריש האב איך
שוין רעכט צו בארעכענען דאס זיא איז אויך וועגעריש אונ וועט עס אייך
יא מיט טהיילין דען וואס נאך אין דער וועלט איז אזוי אנשטעקענד וויא
דיזע גיפערליכע קראנקהייט, וואס פערצערט גאנץ אום געריכטערהייט
גייסט אונ קערפער וויא איין צערעדעס פייער, איך וועל שוין ניט ריידין
פון דעם וואס זיא האט אייך צו שאנדין גימאכט אין מאנכע איידעלע
גיזעלינשאפטין וואס זיא האט ענדעקט אונטער זייא אלס בארימערקע
אייער גיהיימען אום גאנג מיט איר, דאהער איז מיין באטה ליבער העד

ווען זייא נור גוט מיינען מיט זייערע עהרע, מיט זייער געזונדהייט, דער צוא נאך אויך מיט איהרעם געלד, זאלין זייא זיך וואס צום גיכסטין לויז מאכין פון איר אונ שטאט איר שטייא איך צוא דינגען מיט איינע אנדערע ווייבם פערזאן מיט איינער גיוויסע מאמזעל הארטענזע, דער בייא איינע שיינהייט וואס האט ניט איר גלייכין, וויא נור אין איר שפיגיל, זיא איז קיים (צנועה) וויא איינע פרומע נאנע (מיניסקע) איך קען אייך שווערין דאס איר וועט זיין דער ערשטער מאנס פערזאן וואס וועט קומען אין איינער בארירונג מיט איר זיא איז פון איינע גרויסע פאמיליע איינע גרעפין פון גיבורט, אונ איז פון העכסט איידעלין כאראקטער, אונ זיא וועט וויסין וויא צו האלטין איערע גיהיימע ליבע צוא איר אין גיהיימען, אום איהרע אייגענע עהרע ווילין, דען זיא איז דאך איין עהרען מיידכען. זיא איז איצונד אין העכסט שלעכטע אומשטענדע, בלוט ארעם אונ וועט זיך גאנץ בילינג פאר האנדלען צו אייך, אזוי ראטהע איך אייך וויא איין עכטער גוטער פריינד.

נארבוניע, (בייסענד דער ווילע דיא נעגיל פון דיא פינגער) גוט, נור זאגט מיר מיין בעסטער פון וואו ווייסט איר אלעם אזוי גינוי זאלט איר עס פון איינעם גיהערט האבין אלזא זאגט מיר ווער איז יענער, דען לויט נאך מיין בארעכענונג האט קיינער גידארפט דער פון וויסין אונ ריידין.

זימאן, וויא אונטער אונז גיזאגט, איך בין דאך איין לידיגער מאנס פערזאן אן איין פרויא דארף עס אייך קיין וואונדער זיין דאס איך בין איין גיהיילינגט אין אלע גיהיימסטע ראמאנען האנדיל, אונ ווייס אלזא פון אלע מיידכען אונ פרויען אויף וועלכע מען קען איין גיעג מאכין, אונ העטען זייא זיך פון פריער נור מיר אן גיטרויט, וואלט איך זייא שוין פון אן הייב גיקענט דינגען מיט איינע פיל בעסערע ווייבם פערזאן אלס דיא פולווע וואס איר האט אייך אויס גיקליבין, דען אין דיא ליבעם גישעפטין מוז מען אויך איינע גיוויסע ערפארונג האבין.

נארבוניע, איך דאנק אייך פאר אייער גוטין ווילין צו דינגען מיר אין אלע פעלע, אונ בייא אלעם דעם קען איך פון אייער איצטיגין פארשלאג קיין גיברויך מאכין, דען פארצייען זייא מיר איר האט אייך גאנץ געאירט אין מיינער זאכע מיט דער פולווע, דאס איז קיינע ליבשאפט אים וועגע, גראדע אומגיקערט איינע טוגענד, זיא איז איינע פארארעמטע אלמנה פון מיינעם איין גוטין פריינד, פון גוטין כאראקטער הויך גיבילדעט, זיא איז שוין ניט יונג, קריינקליך, בעפאלין מיט דרייא קינדער, איך שטיץ איר וויא ווייט מיגליך איז, אונ בעזוך איר אפטער, אונ פיר אירין





איין פראצעס, אונ דאהער מיין עפטער קומען צוא איר, אלזא האט איר דיזע זאכע גאנץ שלעכט פארשטאנען אונ ווייטער מיין בעסטער בין איך קיין ראמאנען ריטער (דאס הייסט אזוי איינער וואס ליגט אלין אין ראמאנען).

זימאן, (גאנץ צוא מישט) ווען אזוי מיין ליבער העך איז דאך מיר איין וואונדער דאס זייא מאכין איין גיהיימניסע דער פון, וואס דורך דעם האט איר איינע אומזיכטע רייד ארויף גיצויגין אויף זיך.

נארבוניע, ווייל איך מיין פריינד טוא גוטעס נור אום גוטעס צוא טאן, אבער ניט אום צוא גלענצין דער מיט אין דער וועלט. אונ אזוי טוא איך מאנכע זאכין וואס נאך ניעמאנד ווייס, אונ צווייטינס האב איך גאר קיין גיהיימנים גימאכט דער פון, דען שעמען זיך מיט גוטעס טאן דארף מען אויך ניט. גינוג איך האב עס ניט אויס גיטרומייטערט אלס אנדערע טוען עס, אונ אזוי באגייא איך מיר אימער מיט אלע מיינע גוטעס, איך מאך דער פון קיין וועזין אונ דאס גלייכין קיין גיהיימנים, אונ גיוואוינליך איז מען זעלבסט בייא דעם בעסטין וואנדיל מער אויס גיזעצט צוא דעם פעריידונג אלס צום לויב, דיא מענטשין זיינען שוין אזוי איין מאל באשאפין וויא דער פסוק זאגט «כי יצר לב האדם רע מנעוריו» דאס הערץ פון דעם מענטשין איז פאר דארבין פון זיינעם יוגענד אן, (בייא דיזעם לעצטין ווארט פון דעם נארבוניע וואר דער זימאן אפ גירופין גיווארין אין בירא, אונ דער נארבוניע איז גיבליבין אליין אונ האט נאך פאספייעט צו ריידין איין קליינע ווילע מיט זיך זעלבסט), אך מיין גאט וויא ווייט איך האב מיר געאירט אין דיזעם מענטשין, מיט איינער שטונדע פריער האט ער מיר גישיינט נאך איין גוטער איינגעל צוא זיין, איין העכסט אונשולדיגער, איין תם וויא אונזער פאטער יעקב, אונ איצונד זעט ער מיר אויס וויא איין טייוויל פון דער העלע, ער איז פערטיג צוא טאן אלעם בייזעס, אונ צוא באריידין נאך דעם אנדערין דער צוא, איין עכטער פאדלער פאקטער, ער איז בריט צוא טאן אלעם בייז, אלזא פארגיווים האט ער נאך בייא דיזע פאקטארסטווא זיינע אפ גיצילט אויף נאך איינעם פיל שלימערין שעלמען שטרייך, א עס איז קיינע לייכטיקייט צוא דער קענען איין מענטשין ריכטיג, נוא גאט זייא דאנק, דאס איך האב אים שוין באצייטין דער קענט, בעפאר איך האב אים אן גיטרויט מיין קינד אונ מיין גישעפט, אלזא האט דאך דער שאלאמאן ריכטיג גישפראכין פון איהם.

## פערטער אויף טריט.

### נארבוניע אונ שאלאמאן.

שאלאמאן, נוא זייט איר שוין מיין הער אליין, נון קען איך שוין פרעגין וואס דיזער מענטש האט אלזא מיט אייך גישפראכין, אונ וויא זעט ער יעצט אוים ביא אייך, וויא איך האב אים באמערקט פון ווייטין ארוים גייענדיג פון אייך האט ער אוים גיזען וויא איין אוים גיפייפטר אקטאר.

נארבוניע, א ליבער שאלאמאן! פערצייהען זייא מיך, איך האב אייך אומרעכט גיטאן, דאס איך האב אייך גיהאלטין פאר איינעם פאלשין מענטשין אונ אים גראדע פאר דעם פיינעם, א איך האב מיך אין אייך ביידין גערירט, א עס איז אייך גילונגען איר האט דיזעם באטריגער דיא מאשקע ארונטער גירסין, אונ ארוים גיוויזין אים אין זיינעם ווארען גישטאלט, נון טוט מיר לייד אום זיינע גרויסע השלמה, ער האט דא ניט לאנג אוים גיארבייט איין מעמאאר (שטאטייקע) אין סענאט אריין, וואר עס א:וי וואול דאס עס האט זיך גיקענט בארימען דער מיט דער גרעסטער שטאטס סעקרעטאר, איין מייסטער ווערק זאג איך אייך. א אזוי פיל פערשטאנד אזוי פיל גייסט, אונ גיזונטע בעגריפע אין אזוי איינעם פערדארבענעם מענטשין, איצט האב איך דער האלטין איינעם בריף פון מיינעם איין בעפריינדעטין סענאטארסקין סעקרעטאר וואס צוא רייסט זיך לויבינדיק אים.

שאלאמאן, איך ווייס איך האב אים גילעזין ער זעלבסט (דער זימאן) האט עס מיר גיוויזין אלס עס חאר נאך ביא אים אין צארנע אונ איך האב עס באוואונדערט אונ קען זעלבסט ניט קלוג ווערין, וויא קומט אזוי איין שרייבין צוא אים, דען איך גידיינק דאס ער וואר איין וויסטער יונג, פלעגט זיך נאך צוא יאגין נאך דיא מיידכען אין דיא גאסין אונ לערנען האט ער גאר ניט גיוואלט.

נארבוניע, וואס העלפט עס קלער אהין קלער אהער, עס איז דיא וועלט אוים.

שאלאמאן, אונ ביא מיר קומט אוים דאס מען זאל זיך גאר ניט וואונדערין איך קען וועטין מיט אייך דאס דיזעם איז ניט זיין ארבייט, דען ער איז דורך פאלש, אונ פערמאסקירט.

נארבוניע, גלאט זאגין איז דאך קיין רייד, נון ווער זאל עס אים גימאכט האבין?

שאלאמאן, אונ איך גיב מיין האלז ווען ער זעלבסט האט עס





גימאכט. אם לעצטין פאל לאמיר איינע פראבע מאכין מיט אים.

נארבוניע, יא מען דארף עס טאן, דאך מוז עס צוא גיין גאנץ פיין מיט שוינונג דען צוא גראב דארפין מיר אונז ניט בעגיין מיט אים, דיזעם מוז גאנץ חיטרע אוים גיפירט ווערין, אונ צוא גלייך נאך צו דיינקען (ער בלייבט שטיין איינע היפשע ווילע גאנץ פאר טיפט אין גידאנקען וויא איין נאכזינענדער נאך דעם שטיין דער ווייזען *) אונ האט זיך באלד דארויף אפ גירופין מיט גרוים פריידין) נוא איך בין גיפאלין אויף איינעם גלייכען פלאן וויא צוא דער גיין, דאס הייסט צוא ברייננען אים אזוי ווייט דאס ער זעלבסט זאל זיך מודה זיין דאס ניט ער איז דער שרייבער.

שאלאמאן, אונ איך מיין דאס מען דארף דער צוא קיינע גרויסע המצאות, דען וויא ווייט איך ווייס אונ קען אים איז ער אזוי ווייט אומוויסענד, דאס ער וואר ניט אום שטאנדע עס צוא שרייבין, גיין וויא מיר דאכט איז ער אזוי גאר ניט אין שטאנד דאס איבער צוא לעזין אונ צוא פאר שטיין, דען דאס ווייס איך אויף קלאר דאס ער פערשטייט קיין ברעקיל ליטיין, אונ אין דיזען מעמאאר גיפינען זיך דאך פיל ליטיינישע אוים דריקע, אונ מאנכע קורצע פראזען, אלזא איז עס גיוויס ניט זיין ארבייט, אלזא מאכט מיט אים קיינע המצאות בעט אים נור דאס ער זאל אייך ברייננען דיא קאפיע פון איר אונ עס איבער לעזין פאר אייך אונ ערקלערין אונ ווייטער ניט.

נארבוניע, יא מיין בעסטער איך בין אויך דיא זעלבע מיינונג דאס ער זאל מיר דיא קאפיע ערקלערין דאך אויך דיזעם קען אויך ניט אויף דעם גראדען וועג גישעהען דען ער וועט זיך גיפינען דורך דעם העכסט בעליידיגט, דען ער וועט דאך פערשטיין דאס איך מיין אים צו שטעלין צוא פראבע, ווייל איך האב אויף אים איין חשד דאס ניט ער זעלבסט איז דער פערפאסער דער פון, אונ פיללייכט איז ער עס יוא, דאן וואס פאר איין אוים זעהען וועל איך ביא אים האבין, גיין עס מוז דיזעם גאנץ חיטרע צוא גיין אום דאס ער זאל מיין אפ זיכט ניט מערקין, אונ דיזעם האב איך שוין איצונד אוים גיטראכט אונ וועל עס שוין גענין אבינד.

שאלאמאן, סא (שטיל) ניט גירעט מער צוא וואס נאך גענין אבינד אונ ווארום ניט שוין דען ער גייט שוין אהער אונ וועט באלד אריין קומען אלזא וויינצע איך אייך גליק צוא אייער אונטער נעמען גענין אים אונ עס

*) אבן החכמים, דאס הייסט דער יסוד פון אלע חכמות, אונ בריאות העולם אונ פון אלע סודות.

פרייט מיך העכסט דאס דיזע שענע זאל גישעהען אין מיינער געגענווארט דען עס איז איין פערגעניגען צוא זעהען וויא דיא פאלשהייט ווערט ענטלארפט (דיא פרומע מאסקע ארונטער גירסין) אונ זיא ציינט זיך אין איר ווירקליכען שמוציגין געשטאלט.

## פינפטער אויף טריט.

### "דיא פארינע אונ דער זימאן".

נארבוניע, (צוא דעם זימאן) גוטין טאג העד טריפלער, איר זייט מיר יעצט אזוי ווילקאמען וויא גירופין דען איך ברויך אייך העכסט נייטיג אונ האב עבען גיוואלט שיקין נאך אייך.

זימאן, נון פרייט מיך דאס איך בין גיקומען צו אייך צו געווינצטער צייט, דען זעלטין דאס מען קומט צוא דעם צווייטין צוא דער רעכטע צייט, אלזא איך האב אזוי גאר נייטיגעס צוא אייך, וואס אן בעלאנגט צוא אונזער פארינין גישפרעך, ביי אלעם דעם וויל איך פריער אויס הערין וואס איר האט מיר אזו נייטיג איצונד, אונ ערשט נאך העד וויל איך אייך זאגין וואס איך האב ווייטער צוא ריידין וועגין יענע פערזאהן וואס מיר האבין דא ניט לאנג פון איר גישפראכען.

נארבוניע, ליבער העד זימאן מאכט אייך פערטיג צוא איינעם ארעסט פון זעקס מאנאטען אונ נאכהער אויף איינער פאר שיקונג אויף דעם אינזעל קאיענע אויף גאנצע דרייא יאהר אויף פרייען פוס (דאס הייסט פרייע פאסעלעניע).

זימאן, (העכסט צוא שראקין) ווארום?

נארבוניע, ווייל איר האט אייך צוא פרייא אויס גידריקט געגין דעם פרימיר מינסטער, אונ אזוי געגין דיא גאנצע רעגירונג, דארטין אין אייער פראסעניע אונ אזו אויך בעליידינט דיא מאיעסטעט (וועליצעסטווא) זעלבסט, אונ ביי אזעלכע שלעכטע צייטען וואס עס ווערט אין אונזער לאנד ווארט אונ אויך זעלבסט געדאנקען געוואויגען האט איר גידארפט זיין מיט אייער שרייבען פיל מער אסטראזנע אלס איר זייט פון אימער, איך זעלבסט האב אייך פיל מער שוין אלס איין מאל גיווארינט דאריבער.

זימאן. גאנץ פערווירט (איזמושצעט) וויא אזו איר זעלבסט האט עס מער אלס איין מאל איבער גילעזין. אונ האט עס גילויבט אונ ערווארטעט אויף איינע גוטע רעזולוציע אונ פון וואו ווייסט איר עס?

נארבוניע, איך ווייס עס פון מיינעם בעסטען פריינד בערטראנד קלוידום וואס איז גלאווער צענזור אין סענאט, אונ וויים דארטין מער

פאר





פאר אלעמען, ער האט מיר גיזאגט דאס איבער הויפט האט איר אייך פערזינדיגט דארט אין דעם שרייבין אין דיא ליטיינישע ווערטער, איר זייט דארטין זייער גראב פאר גיקומען געגין דיא רעגירונג, אונ ליידער וויא דיא ווארהייט צוא זאגין בין איך קיין גרויסער קענער אין דער ליטיינישער שפראכע וואלט איך דאס פאר שטאגען גרינדליך וואלט איך אייך שוין גימאכט אויף מערקזאם אויף אלע דיזעס ביי מיינעם דורך לעזען עס, אונ איר וואלט עס אוים גיבעסערט, אונ וויא עס שיינט וועל איך אויך איין גרויסען נאז האבין פון דער רעגירונג דער פאר דען עס וואר דאך גישריבין אויף מיין פירמא, אונ בין אלזוי בעזארגט וועגין אונז ביידען דען עס איז ניט צוא שפילין מיט דער היינטיגע רעגירונג, איך האב מורא דאס מען זאל מיר דעם קאנטאר גיט צוא שליסען, אלזוי פריער פאר אלץ וויל איך אם ווייניגסטען וויסען וואס איז אין דיא בראקען אונ אין דיא איינינע פראזען ליטיין, פיללייכט ווערט מען נאך קענען וואס איינווענדין אונ פאר ענטפערען זיך געגין דעם, דא איז דיא קאפיע דער פון נון ערקלערען זייא מיר אין גאנצען, אונ איבער הויפט דיא בראקען (שטיקעלאך) ליטיין, דען פאר גיווים מוז דארטין וואס ליגין בעליידיגענדעס אונ בייסענדעס, אונ צוא וואס האבין זייא גאר גיברויכט דאס ליטיינישע דער צוא? אונ ווארום האבין זייא עס ניט פערפאסט אין איינע ריינע פראנצויזישע שפראכע גנעמט ניט פאר אום גוט וויא איך מיין האט איר עס גיטאן אוים הוילער בערימעריא אום צוא ווייזען מיר אונ דעם מיניסטער דאס איר פאר שטייט ליטיין אויך, נון האט איר אייך דורך דעם פארשאפט מעהר שאנדע אלס עהרע וויא אלע אנדערע בערימער, איך האב אייך נאך ביז אהער ניט גיהאלטין פאר אזו איינעם אייטעלען מענשען.

זימאן, אין איינע גרויסע פערלעגענהייט קראצט זיך דיא פאטילניצע פאר ציינען זייא מיך מיין העד, איך בין יעצט גאנץ פון זינען איך בין אזוי געשטירצט ביי זיך, דאס איך בין ניט אים שטאנדע איין ווארט אזו נאר צו בעגרייפען עס גרויעט מיר מיינע הארע פון דיזער איובים פאצט*) (בייזע נאכריכט) צוא ווערען איינגעשפארט זעקס מאנאטען אונ נאך העד ווערין פאר שיקט נאך קאיענע, דאס איז מעהר אלס איין טוידעס אורטהייל (שמערטעלנע דעקרעט) דען דאס הייסט צוא ווערין בעגראבען לעבעדיגערהייט.

שאלאמאן

*) אלע בשורות רעות ווערט אן גירופין איובס פאצט, ווייל דער איוב האט באקומען אזעלכע בשורות איינע נאך דיא אנדערע.

שאלאמאן, (לַאכֶענד צוא דֶעם נארבוניע) וֶועל אִיךְ אַרַיין רוּפֶען אַהֶער דֶעם מיכאל טראנזע מִיט זַיינֶעם זָאהְן וָואס אִיז יֶעצְט אוֹיךְ אִין קַאנְטָאר, דִיא בֵּיידֶע זַיינֶען גוּטֶע לִיטַיינֶער אוּנ זֵייא וֶועלִין אַייךְ שׁוֹין אַלֶע רִיכְטִיגֶע עֶרְקְלֶערֶען.

נארבוניע, זֵייא הָאבִּין רֶעכְט, טוּעֶן זֵייא עֶס מִיר, אָבֶער שׁוֹין, דֶען דִיא גֶעפַאהְר אִיז דְרִינְגֶענְד.

## לֶעצְטֶער אוֹיף טְרִיט.

»נארבוניע, זימאן, שאלאמאן, מיכאל טראנזע, יאזעף טראנזע,
בלומע, אונ אגנעס«.

בלומע. (גַאנְץ אוּמְרוּהִיג צוא דֶעם נארבוניע) זָאל עֶס וַואר זַיין וָואס אִיךְ הָאבּ עֶבֶּען גִיהֶערְט, דָאס אוּנְזֶער זימאן דְרַאהֶעט (אוּמְגְרַאזַייעֶט) אֵיינֶע אַיינְשְׁפַּארוּנְג (זַאקְלוּצֶענֶע) אִין פֶעסְטוּנְג אוֹיף גַאנְצֶע זֶעקְס מָאנַאטֶען? וָוארוּם? וָואס הָאט אַזוֹי אֵיינֶער גִיקָאנְט טָאן; דָאס עֶר זָאל הַארְט בֶּעשְׁטְרָאפְט וֶוערִין אַזוֹי.

נארבוניע. אָ לִיבֶּע מוּטֶער, וָואלְט עֶר נוּר דֶער מִיט אָפּ קוּמֶען וָואלְט אִיךְ שׁוֹין הַאלְבּ צוא פְרִידִין גִיוֶוען, נֵיין עֶס שְׁמֶעקְט אִים אַזוֹ גָאר מִיט אֵיינֶעם דְרַייא יָארִינֶען פַאר שִׁיקוּנְג נָאךְ קַאיֶענֶע, אוּנ אִיךְ זֶעלְבְּסְט בִּין נָאךְ אוֹיךְ נִיט אִין דֶער הֵיים, דֶען דִיזֶער מֶענְשׁ הָאט בֶּעגַאנְגֶען אֵיינֶע דוּמְהַייט, אַיין פַאר בְּרֶעכֶען אַזוֹ גָאר, אִין וֶועלְכֶער עֶר הָאט מִיר אוֹיךְ פַאר וִויקֶעלְט, עֶר הָאט גִישְׁרִיבִּין אַיין פְּרָאסֶענְיֶע אִין סֶענַאט אוֹיף מַיינֶע פִירְמָא אִין וֶועלְכֶע עֶר הָאט בֶּעלֵיידִיגְט דִיא רֶעגִירוּנְג, אוּנ דִי מַאיֶעסְטֶעט זֶעלְבְּסְט, אוּנ בִּין אַלְזוֹי זֵייעֶר שְׁטַארְק בֶּעזָארְגְט וֶועגֶען מַיינֶער בִּירָא דָאס זִיא זָאל נִיט צוא גֶעשְׁלָאסֶען וֶוערֶען, אַם וֵויינִיגְסְטֶען אוֹיף אֵיינִיגֶע מָאנַאטֶען.

אגנעס, (צוא דֶעם זימאן טריפלער) וִויא קוּמֶען זֵייא דֶער צוא? אוּנ וָואס הָאבִּין זֵייא נָאךְ צוא מַיינֶעם פָאטֶער דָאס זֵייא הָאבִּין עֶס אָן גִיגֶעבִּין אוֹיף זַיינֶע פִירְמָא?

זימאן, (הֶעכְסְט צוא מִישְׁט) וִויא דִיא וַוארְהַייט צוא זָאגֶען בִּין אִיךְ גַאנְץ אוּם שׁוּלְדִיג אִין דֶעם, אִיךְ בִּין נִיט דוּם, נִיט פַאלְשׁ, אוּנ בִּין אַלְזוֹי נִיט אוֹיסֶען גִיוֶוען צוא פַאר וִויקְלֶען אַייעֶר פָאטֶער אִין אֵיינֶעם גִיפֶערְלִיכֶען פְּרָאצֶעס אִיךְ וַואר נוּר לַייכְט גְלוֹיבִּיג, אָדֶער לַייכְט זִינִיג, אָן צוא טְרוֹיעֶן זִיךְ דֶער מִיט אֵיינֶעם פַאלְשֶׁען פְרַיינְד. אִיךְ מֵיין עֶס דֶעם מיכאל טראנזע, דֶען אִיךְ קֶען אַייךְ שְׁוֶוערֶען בַּייא אַלֶער הֵיילִיגְקַייט דָאס נִיט אִיךְ הָאבּ





דִיזֶען מֶעמָאאַר אָן גִישְׁרִיבִּין, נוּר עֶר אִיךְ הָאבּ אִים גִיבֶּעטִין אוּנ עֶר הָאט עֶס מִיר גִימַאכְט אִיךְ הָאבּ עֶס גִיטָאן אוּם נוּר צוא עֶרְפִילֶען דֶעם וואוּנְשׁ פוּן אַייעֶר פָאטֶער וָואס עֶר הָאט עֶס פוּן מִיר גִיפָאדֶערְט, אַלְזוֹי הָאט מִיר דִיזֶער מיכאל בֶּעטְרַאגֶען, עֶר הָאט גִישְׁרִיבִּין נוּר נָאךְ זַיינֶעם בְּעלִיבֶּען, אוּם נוּר אוּמְגְלִיקְלִיךְ צוא מַאכֶען מִיר אוּנ דֶער צוא נָאךְ אוּם אוֹיס צוא לַאכֶען מִיר, אָ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין פוּן לַאנְג אָן גִיהַאט אוֹיף אִים אַיין פַארְדַאכְט דָאס עֶר אִיז מִיר נִיט גוּט, נוּר אַייעֶר פָאטֶער הָאט מִיר אַיין גִירֶעט דָאס עֶר אִיז מִיר אַיין עֶכְטֶער גוּטֶער פְרַיינְד, אוּנ אַזוֹ בְּלַייבְּט מֶען בַּייא דֶעם אַלְטֶען שְׁפְּרִיךְ וָוארְט «כָּל אָדָם כּוֹזֵב» דָאס הֵייסְט אִיז גִימַאנְדֶען צוא טְרוֹיעֶן.

מיכאל, (וָואס וַואר נָאךְ נִיט בֶּעוואוּסְט אִין דִיזֶע שְׁטוּקֶע דֶען דֶער שאלאמאן הָאט דָאךְ קֵיין צַייט גִיהַאט מִיט צוא טְהֵיילֶען עֶס אִים, וַואר אִין אָן פַאנְג הֶעכְסְט בֶּעשְׁטִירְצְט דַארִיבֶּער אוּנ עֶס הָאט גִידוֹיעֶרְט אֵיינִיגֶע מִינוּטֶען בִּיז עֶר הָאט דִיא שְׁפְּרַאכֶע גִיפוּנֶען) הֶעטֶע אִיךְ עֶס גִישְׁרִיבֶּען וָואלְט אִיךְ פַאר גֶעוִויס קֵיינֶע שֶׁעדְלִיכֶעס גִישְׁרִיבִּין.

זימאן, אַזוֹי זֵייא לֵייקֶענֶען עֶס זִיךְ, אַלְזוֹי וֶועל אִיךְ שׁוֹין עֶס אוֹיף קְלָאר בֶּעוַויזֶען. דָאס אִיר נוּר זַייט דֶער פֶערְפַאסֶער דֶער פוּן, עֶרְשְׁטִינְס פַאר שְׁטֵייא אִיךְ נִיט אֵיין וָוארט לִיטַיין, אוּנ צְוֵוייטֶענְס הָאבּ אִיךְ אַייעֶר צַארְגֶע פוּן דִיזֶע פְּרָאסֶענְיֶע, נוּא זָאל מֶען פַאר גְלַייכֶען דִיא קָאפְּיֶע מִיט אִיר וֶועט מֶען זֶעהֶען צוא אִיז עֶס נִיט וָוארְט אִין וָוארְט, דֶען אִיךְ הָאבּ נִיט אֵיין הָאר צוא גֶעלֵייגְט אוּנ נִיט אַרָאפּ גִינוּמֶען אוּנ וֶועל אִיר צֵייגֶען אִין סֶענַאט, אוּם צוא בֶּעוַוייזֶען דָארְט דָאס אִיר זַייט דֶער רֶעכְטֶער שׁוּלְדְנֶער, דָאס הֵייסְט דָאס נוּר אִיר זַייט דֶער רֶעכְטֶער פֶערְפַאסֶער, אוּנ אִיךְ וַואר נָאר אַיין אוּמְשׁוּלְדִיגֶער אִיבֶּער שְׁרַייבֶּער.

מיכאל, (הָאט זֵייא בֵּיידֶען פַאר גְלִיכֶען) עֶר הָאט רֶעכְט, עֶס אִיז אִין דֶער קָאפְּיֶע דָאס זֶעלְבֶּע וָואס אִיז אִין מַיינֶער צַארְגֶע, אִיךְ בִּין זִיךְ מוֹדֶה דָאס אִיךְ בִּין דֶער פֶערְפַאסֶער פוּן דֶער פְּרָאסֶענְיֶע, אוּנ בִּין פֶערְטִיג צוא לַיידִין פַאר אַייךְ;

בלומע, אַזוֹי וָואס אִיךְ הֶער, זֵייא זַיינֶען עֶס דֶער פֶערְפַאסֶער פוּן דִיזֶען אַזוֹי הוֹיךְ בֶּערִימְטֶען מֶעמָאאַר (פְּרָאסֶענְיֶע)?

מיכאל, אִיךְ בִּין עֶס אִיךְ הָאבּ עֶס בִּיז אִיצוּנְד פַארְשְׁוִויגִין, וַוייל עֶס הָאט זִיךְ בִּיז הֶער גִיהַאנְדִילְט נוּר אוּם דִיא פוּסְטֶע עֶהְרֶע צוא מֶעלְדִין זִיךְ אַלְס פֶערְפַאסֶער דֶער פוּן, אִיצוּנְד אָבֶער דָאס עֶס הַאנְדִילְט זִיךְ גָאר אוּם אֵיינֶער אַיין שְׁפָּארוּנְג, אוּנ אוּם אֵיינֶע פַארְשִׁיקוּנְג, מוּז אִיךְ שׁוֹין

אלס איין מענטש פון גיוויסען זיך באקענגען דאס איך האב עס פערפאסט דאמיט קיין אנדערער זאל פאר מיר ליידין, אונ וועל מיר גאר אן אלעם זעלבסט איבער געבין אין דער געריכט.

יאזעף, א איינע לערע דאס מען זאל פאר איינעם צווייטין קיינע איינציגע ציילע פערפאסין, מיין פאטער וועט ליידין פאר דעם וואס ער האט פערפאסט דער מעמאאר פאר דיזעם טריפלער, אונ איך וועל ניט ווייניגער ליידין פאר דעם וואס איך האב פערפאסט פאר אים דיא פערזען (שירים) צוא דעם אבענד, מיין פאטער קען פאר לירין דורך דעם דיא פרייהאט זיינע, אונ איך וועל פאר לירין דורך דעם דיא שיינע אגנעס א דאס איז מיר איין פארדארבענער מענטש, ער האט עס ארויס בעקומען פון מיר מיט דעם בעדינג עס איבער צוא געבין אייך אין מיינעם נאמען, נון האט ער אייך בעטראגין אונ מיך, דען ער האט עס אפ גיגעבין נור אין זיינעם נאמען.

נארבוניע, נון גאט זייא דאנק דאס איך בין אויף דיא ווארהייט גיקומען, דאס הייסט דאס איך וויים שוין אויף קלאר, דאס איר מיכאל זייט דער פערפאסער פון בער מטען מעמאאר אונ דאס גלייבען אייער זון איזט דער פערפאסער פון דיא פערזין, אונ מעהר וויא דאס בין איך ניט אויסין גיוועזן דא מיט דער גאנצע מאבערייא דא איבער דעם מעמאריום, דאס ער איז אונפארזיכטיג גישריבין זייט רוהיג מיין ליבער מיכאל, עס איז דעריבער קיין שלעכטעס ווארט גירעט גיווארין דארטין אין סענאטוריום גראדע פארקערט, עס וואר העכסט גירימט אונ גילויבט, אלזא זייט וויסין מיין ליבער מיכאל. דאס איך פאר שטייא אייך זייער גוט, אין איינינע טעג ארום וועט איר בעציהען בייא מיר דיא שטעלע פון דעם נייעם באנק אלס פראוולאיוסצע אונ דאס גלייבין בלייבט מיר ליב אונ טייער אייער זון, דען ער איז אקינד פון גוטע ערציהונג אונ מיט גרויסע טאלאנטין, בעזוכען זייא אונז אפטער, מיינע טאכטער שעצט אייך גערין.

בלומע. וואס איז עס?

זימאן, (העכסט צוא מישט) וואס האב איך גיטאן דאס זייא בערויבין מיר דיא שיין לייגנסט פארשפראכענע נייע שטעלע?

נארבוניע, ווייל איך האב מיר שוין איצונד איבער צייגט אויף קלאר דאס איר זייט איין מענטש אן כאראקטער, אן טוגענד (מעשים טובים), אן טאלאנט, איר זייט העכסט אום וויסענד, אונ דאס מיר ביז אהער נור בעטרוגען, גאט זייא דאנק דאס איך האב מיך נאך גאנץ באצייטין איבער צייגט, נאך בעפאר איך האב אייך אן געטרויט מיינע טאכטער אויף

וועלכע





וועלכע איר האט אייך גיצילט אונ דאס גלייבין מיינע קאפיטאלין, קורץ געזאגט איך האלט אייך נור פאר איינעם עכטין קופלער דאס הייסט (פריידין פאקטער);

שאלאמאן, איר האט באליידיגט דעם הערין, אונ צו גלייך דיא דאמע וואס ער שיצט איר, זיא איז איינע אלטע קראנקליכע פרויא, איינע וויטווע פון זיינעם אגוטין פריינד, אלזא האט איר אום גימאכט איינע גרויסע טוגענד, אויף דיא זינד פון איינער יוגענד.

נארבוניע, (צוא דעם שאלאמאן) גיבט מער דער פון (צוא דעם זימאן) איך ביטע אייך ציהען זייא אין פרידין, איר זייט שוין דא בייא אונז גאנץ איבעריג. (זימאן איז אוועק אום שוין ניט ווידער צוא קומען גאר אן אפ שייד צוא געמען פון דער מאדאם בלומע אונ דער אגנעס).

שאלאמאן, (צוא זיך אליין) בייא אלעם דעם דויערט מיר דיזער מאן איך האב אים צו ווייט אין דער איינגע געטריבין, איך האב אויך ניט אזו פיל זיך געוואונשען.

נארבוניע, (צו דעם יאזעף) דיזער סעלמא האט אייך שוין פלאץ גימאכט (אזוי גלויבע איך אם ווייניגסטען) אין מיינע טאכטערס הערצען, (ווענדעט צוא דער אגנעס) הערסטו מיינע טאכטער —.

אגנעס, (ווארפט זיך אין דעם פאטערס ארעמס) א ליבער פאטער, עס וואר קיין גידאנקען פון דעם טריפלער אין מיינעם הערצין, איך האב שוין דיזען פאגעל פון פריער גיקענט. דאס ער איז נור איין ווישטלינג, אוים גיפוצט מיט פרעמדע פעדערין, אונ האב אים אימער ניט גיליטין אין מיינער נעהע (נאהענטקייט), אונ האב באלד פאר שטאנען דאס דיא פערזין זיינען ניט זיין ארבייט נור יאזעפ'ס, בייא דיזעם נאמען האט זיא געטאן איינעם צערטליכען בליק אויף אים, אונ זיא וואר רויטליך דער בייא.

נארבוניע. (וואס האט עס באמערקט האט זיך דאן אפ גירופין צו דעם יאזעף) בייא מיינעם וויסען דאס איר זייט דאס זעלבע וואס אייער פאטער איז, אונ דאס מיינע טאכטער אייך גינייגט איז, אונ דאס זעלבע זייט איר עס אויך נעהמע איך אייך מיט פריידען פאר איינעם זאהן (איידים) דען קיין בעסערעם ברויך איך ניט פאר מיינע טאכטער אלס איר זייט אונ גילויבט א׳ז גאט דער לייקער (דער קערעווער) דער עהען זווגים.

בלומע, (צוא דער אגנעס) א איך גידיינק דאס דוא פלעגסט דיך אימער גיפינען העכסט בעלעסטיגט פון דעם טריפלער בעזוכע, אלס וויא



דוא

דוא וואלסט דורך איינע איבער נאטירליכע שפיר קראפט וואס שלעכטעס אונ פארדארבענעס ערשמעקין אין אים.

אגנעס, ליבע גרוים מוטער איר דארפט ניט אזוי ווייט גיין, דען עס איז גאנץ נאטירליך. וייל איך האב אויף אים גיקוקט פון איינער אנדערין געזיכטס פונקט אלס איר. איר האט אין אים גיזוכט נור איין גיזעלינשאפטער איינעם צייט פארטרייבער, אונ איר האט עס אין אים ווירקליך דערוויסט דען דאס איז ער אין דער טהאט, איין אויס גימאכטער דאמען בעגלייטער איך אבער האב אין אים גיזוכט איינעם טרייען לעבינס געפעהרטען (סאפוטניק) דאס הייסט איינעם טרייען מאן וואס זאל מיך באגלייטען אויף אלע קרומע אונ אומזיכערע וועגין פון אונזערין ערליכען (פארפאלגעדיקען) לעבין אונ האב עס ניט גיפונען אין אים. ער איז איין לייכטזיניגער אונ איין שווינדלער נור אונ ווייטער ניט.

נארבוניע, (צוא דעם שאלאמאן) אייך מיין פריינד האב איך פילעס צוא דאנקען, דען נור איר האט מיך ארויף גיפירט אויף דעם גראדען וועג. אונ דאפיר זאלט איר מארגען בעציהען דיא שטעלע פון דעם טריפלער דארטין אין אלטער בירא, אונ מיט איינעם פיל גרעסערען גיהאלט, אונ איך בעט אייך דער צוא נאך אום פאר ציידונג וואס איך האב אייך געהאלטען פאר איינעם לאזנעם דאנאסציק.

שאלאמאן, (צוא דעם יאזעף) נוא וואס זאגט איר איצונד מיין ליבער יאזעף, וויא גיפעלט אייך דיא סטוקע וואס איך האב אים גישפילט (דעם טריפלער) אזו ווייט גיבראכט דאס איך האב אים גימאכט מיט מיינעם פאלשין בריף צוא אים, פריער פאר איין קופלער, אונ דער נאך דאס ער האט זיך ניט נור מודה גיוועזן דאס ניט ער איז דער פערפאסער פון דעם מעמאאר, נייז ער האט זיך נאך גישפארט צוא באווייזין דאס ער האט עס ניט גישריבין, נון גאט זייא דאנק אויס גיפירט אלעס וואס איך האב מיך אונטער גינומען אויס צוא פירין, דער פאטער איז גיווארין פראוולאיוסטע, איר ווערט איין איידים ביי דעם נארבוניע. אונ דאס גלייבין איך בעקום אויך איין שטעלע. א פריידען איבער פריידען.

יאזעף, מיינע דאנקבארקייט וועט זיין אייער מיהע, אדיו. —

ענדע






